


# לאַכט:

## אונזערע שונאים אויף

## צו - "לאַך" - עס

(אויף צו להכעיס)

פון

## ש. וועקסלער



### אַן אוצר פון אידישען הומאר



די צווייטע אויפלאגע פון זיינע נייע

פאפולערע קאמישע עפיזאדען




(72 זייטן)

PRICE: $2.00

"LACHT GEZUNTERHEID" . .

"LAUGH IT OFF"

געווידמעט מיט צערטלעכקייט צו
מיין ליבער פרוי רבקה'לע



ש. װעקסלער



# LACHT:



# UNZERE SONIM AUF TZU-"LACH"-ES...

(אויף צו להכעים)

by

## SAMUEL R. WEXLER



AUTHOR OF ORIGINAL

HUMOROUS STORIES










## „דער צווייטער נייַער בוך פון זיינע פאפולערע קאמישע עפּיזאָדען

## אַ הארץ-צו-הארץ שמועס פון דעם מחבר מיט זיינע לעזער:

טייערע פריינט !

אויב אימיצער פון אייך האט געהאט מיין ערשטע בוך „לעבעדיק און פריילעך" האט איר געוויס באמערקט אַז דער בוך איז בעשטאַנען פון 56 זייטען און האט זיך פארקויפט פאר 2 דאל. - היינטיגע אויפלאגע באַשטייט פון 72 זייטלעך. און הגם דאס איז פארבונדען מיט אַ גרעסערער הוצאה, בלייבט דאך דער זעלבער מקח ווי פריער.

און דא קום איך צום עיקר, מיינע ליבע פארעהרער, איך האלט בפירוש פאר מיין חוב צו באדאנקען אייך אלעמען פאר אייער שיינעם אפרוף פון מיין ערשטער אויפלאגע וועלכע האט זיך אפגעדרוקט אין 1,000 קאפּיעס און זיינען כמעט אַלע פארקויפט געווארען. און טאקע נאר אַ דאנק אייך האט דאס מיר צוגעגעבען מוט און קוראזש ארויסצוגעבען מיין צווייטע אויפלאגע.

אלס מיינער אַ פארערער, ווייסט איר מסתם אַז מיין „לאכענדיקע סהורה" נויטיגט זיך ניט אין קיינע רעקלאמעס. דערפאר איז מיין כוונה פון שיקען אייך אַט דעם בוך, ניט אַז איר זאלט ווערען אַ „סעילסמאַן" פאר מיין בוך. אלעס וואס איך בעט אייך, אַז ביי אַ געלעגענהייט זאלט איר איבערליינען אַ פאר מעשה'לעך פאר אייערע פריינט און בעקאנטע ביי אירגענד וועלכער ארגאניזאציע וואו איר בעלאנגט. איך בין זיכער אַז אייער פריינט וועלען אייך דאנקבאר זיין ווען איר וועט זיי העלפען איינצושאפען אַט דעם בוך פאר זיך אליין אדער געבען דאס אימיצען אַ מתנה. ווייל מיר אלע ווייסען דאך אַז לאכען איז געזונט. ליידער לעבען מיר איצט אין אזא צערודערטער וועלט וואס מענטשען האבען זיך שוין כמעט פארגעסען פון לאכען. און לאכען איז דאך אזוי נויטיק פאר'ן גייסט און פאר'ן קערפער ווי עס איז נויטיק פרישע לופט צו אטעמען. מיט מיינע הארציגסטע גרוסען צו אייך אלעמען.

אייער מחבר, ש. וועקסלער

פאר אַ באשטעלונג שיקט $2.00 טשעק מיט 25 סענט סטעמפּס צו:

**SAMUEL WEXLER, 1007 Meridian Avenue, Miami Beach, Florida**

**Phone 534-2735**

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויסדרוקען אַ דאנק מיין ליבער פרוי רבקה'לע, צו וועמען מיינע ביכער זיינען געווידמעט, פאר צוגעבען מיר מוט און אינספּיראציע אין דער דאזיקער ארבעט.





# "אַן אורח אויף שבת" ...



( געווידמעט מיינע ליבע פריינט "די לעוויטאַנס" )

מיר איז אויסגעקומען לעצטן זומער צו זיין מיט מיין ליבער פרוי די געסט פון אונדזערע גוטע פריינט, די לעוויטאַנס — אין זייערע אַ באַנגאַלאָ־קאָלאָניע. (ער, אַ באַגאַבטער קינסטלער אין אויסאַרבעטן בילדער געמאַכט פון קופער און זי — אַ טאַלענטירטע זינגערין פון פאָלקס־לידער).

איידער מיר זיינען אוועקגעפאָרן פון מיאַמי ביטש קיין ניו יאָרק, איז אונדז געווען באַקאַנט, אַז זיי געפינען זיך ערגעץ אין קאַליפאָרניע ביי זייערע קינדער. נאָר אַז זיי פאַרמאָגן אַן אייגענע פאַרם אין ניו דזשוירזי און זיי פאַרברענגען דאָרט זייער זומער־וואַקאַציע — וועגן דעם האָבן מיר אַפילו קיין אָנונג ניט געהאַט.

אין אַ שיינעם טאָג קריג איך פון זיי אַ ידידי בריוועלע. זיי שרייבן מיר אַז זיי געפינען זיך אין מאַונט־פרידאָם אויף זייער פאַרם. צופעליק האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז מיר געפינען זיך אין ניו יאָרק, על כן וואָלטן זיי זייער וועלן מיר זאָלן אַרויסקומען אַהין, פאַרברענגען מיט זיי אַ וויק־ענד. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ גרויסער סורפּרייז. און הגם מיר האָבן צוליב געוויסע סיבות דאָס גלייך ניט געקענט דורכפירן, האָב איך זיי אָבער באַלד אוועקגעשיקט אַ דאַנק־בריוו פאַר זייער ברייטהאַרציקן אָנבאָט און האָב זיי צוגעזאָגט, אַז ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט וועלן מיר זען דעם פּלאַן דורכצופירן. בקיצור, עס האָבן זיך אַזוי פאַרצויגן אַ שיינע פּאָר וואָכן, ביז מיר האָבן זיי ענדלעך געלאָזט וויסן, אַז מיר פאָרן אַרויס מיט אונזערער אַ טאָכטער און איידעם, אין אַ געוויסן זונטיק פרי, אין זייער קאַר. און מיר וועלן איה"ש דאָרטן זיין פאַרמיטאָג.

דאַרף זיך גראָד מאַכן, אַז אונדזער איידעם האָט אַביסעלע פאַרבלאָנדזשעט, און פון דעם פאַרמיטאָג האָט זיך אויסגעלאָזן אַ שפּעטער נאָכמיטאָג. ווען מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען צו זיי אויף'ן פאַרם, האָבן מיר זיי געטראָפן אַרומגערינגלט, קיין עין־הרע, מיט אַ משפחה געסט, ביי אַ גרויסן געדעקטן טיש, אינדרויסן, אונטערן פריען הימל, פון דעם דרויסנדיקן אויוון מיט די איבעריקע מכשירים, האָט דאָס באַדאַרפט הייסן, אַז דאָס איז געווען אַ מין „קוק־אַוט דינער, אַ „באַרבעקיו", אַזוי צו זאָגן.

פון די ליידיקע פלעשלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען נעבעכדיק אויפ'ן טיש און פון דעם ביסל שיריים וואָס ס'איז געבליבן פון דער טוירקי, האָט מען זיך געקענט משער זיין, אַז די סעודה איז דאָ געווען אַ גאַנץ געהויבענע. פון די אָפּגעגריזשעטע פאַלקעס וואָס איך האָב באַמערקט אויפ'ן טיש, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָלטן שוין מסתמא ביי דעם מזומן בענטשן און אונדז איז גאָרנישט געבליבן פון דער טוירקי, אַ חוץ אַביסל עגמת נפש...

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געוויזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מיר זיינען ניט הונגעריק, כאָטש עס האָט אַ שפּאָר ביסל געצויגן אונטערן לעפעלע און ס'איז אונדז געווען גאַנץ גוט קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצן...

נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָב איך געמאַכט אַ חשבון אָן דעם בעל הבית. ווייל איידער די געסט האָבן צייט געהאַט אָפּבענטשן, איז אַזוי ווי דורך אַ כישוף אויסגעוואַקסן אויפ'ן טיש אַ

פרישע „טוררקי״, געטרימט מיט קוגע־לער און מיט צימעסלעך, אז אזוינס האב איך ביי מיין טאטע־מאמע קיינ־מאל ניט געגעסן...

איך וועל אייך מאכן די מעשה קורץ: נאך דער סעודה האבן די באלעבאטים געזאגט מיינע קינדער דעם פסוק „לך־לך״, ד.ה. אז זיי קענען גיין אהיים גע־זונטערהייט, און מיר וועלן דא בלייבן זייערע געסט.

בינו לבינו גיט מיר אונדזער מכניס־אורח א זאג: קומט, לאמיר אייך ציינן אייערע צימערן, אדער ווי מ'רופט דאס דא מיט'ן נאמען „סוויט״. מיין טאכטער גייט מיט אונדז מיט. זי באטראכט דעם עס־צימער, דעם שלאף־צימער, ווי אויך די קיך מיט'ן „עוג מלך הבשנ'דיקן פרידזשידעיר״ און זי גיט מיר א שושקע אין אויער האלב אין ערנסט, און האלב אין שפאס: „אפשר טאטע וואלט געווען א פלאן אז דו זאלסט נעמען די מאמע, פארן צוריק צו מיר אהיים און איך מיט מיין מאן וועלן דא בלייבן ביי זיי צוגאסט״...

קורץ, אהין און אהער, אונזערע קינ־דער מיט די איבעריקע געסט זיינען אוועקגעפארן. מיר האבן פארבראכט מיט די גאסטגעבער א שיינע פאר שטונדן און איך פארשטייט דאך, אז נאך אזא קע־ניגלעכער פליישיקער סעודה, קומט דאך א מילכיקע וועטשערע. איך וועל אייך ניט פרואוון מגזם זיין, אז דאס פליישי־קע איז געווען בעסער ווי די מילכיקס, אדער פארקערט. איך קען אייך נאר זאגן, אז מיר האבן זיך מיט ביידע זאכן ניט אפגענארט...

פאר'ן שלאפן גיין, פירט אונדז אריין דער באלעבאס אין אונדזער שלאף־צי־מער, ציינגט אונדז אן אויף רחבות'דיקע בעטן — און ביי אים הייסן זיי „סינגל בעטן״. איך זע אז אין יעדער בעט קע־נען שלאפן ניט נאר צוויי מענטשן, נאר אין א נויט קאנען זיך דארטן פאמיעש־טשען אפילו דריי... גיב איך אים א פרעג אין א שפאס: „ווי באלד אז דאס הייסן ביי אייך סינגל בעטן, ווי אזוי־זשע קוקן ביי אייך אויס דאבל בעטן?״ ענטפערט ער מיר, אז קיין דאבל בעטן זיינען ביי אונדז ניטא, ווייל דערוויי־ל האבן נאך קיינע פון די אורחים ניט באקלאגט זיך, אז ס'איז זיי חלילה צו ענג״...

אויף מארגן, ביים קעניגלעכן ברעק־פעסט, האט זיך אנגעהויבן א נייע גע־שיכטע. די באלעבאסטע האט געוואלט וויסן, וואס מיר גלייכן בעסער, מילכיקס צי פליישיקס? איך האב איר גלייך גע־ענטפערט, אז פון איר נעכטיקן פליישיקן דינער מיט דער מילכיקער וועטשערע, קען זי זיך אליין אנשטויסן אז מיר גליי־כען ביידע זאכן. בקיצור, ס'איז אוועק נאך א טאג מיט א פאר אזוי באנקעטן, מאך איך א שמועס וועגן פארן אהיים. ענטפערן זיי מיר ביידע: „וואס הייסט? ווי אזוי קענט איר דען פארן אהיים? איר האט דען מיט וואס צו פארן?״ און זיי דערציילן מיר א מעשה, אז די באסעס האבן אפגעשטאפט צו קומען אהער שוין פאר די לעצטע פאר וואכן, און זיי וועלן אנהויבן קורסירן אהער איה״ש ערשט נעקסטן זומער.

מיר האבן דערהערט אזא מעשה, איז אונדז ביידן געווארן גאנץ קאלעמוטנע אויפ'ן הארצן. איך האב אנגעהויבן אי־בערטראכטן: ווער ווייסט וואס דא טוט זיך ארום אונדז?



## לאכט: אונזערע שונאים אויף צו-"לאַכ"-עם

איך נעם מיין ווייבל פאַר אַ שפּאַציר און זאָג איר, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק די גאַנצע געשיכטע. הער אַ מעשה: מען שטאָפּט אונדז ווי גענדז, מען גיט אונדז דאָ פון פויגל־מילך. ווער ווייסט? ס'זאָל זיך ניט אויסלאָזן אַזוי ווי מיט'ן דייטש פון דער אכסניה אין שלום עליכם'ס מעשה... אים האָט מען אויך געהאָדעוועט מיט פאַרשידענע לאַקוטקעס. דערנאָך האָט מען אים אונטערגעטראָגן אַ חשבון, אַז ס'איז אים געוואָרן פינסטער אין די אויגן. נאָך אַלעמען, זאָג איך איר, זיינען מיר דאָ פאַרוואָרפן, אָפּגעריסן פון דער וועלט. אַ קשיה אויף אַ מעשה: אפשר זיינען מיר דאָ גאָר געקידנעפּטע און מען וועט נאָך פאָדערן פאַר אונדז אויסלייז געלט...

פון אָט די אַלע איבערטראַכטענישן, האָבן מיר באַשלאָסן לאָזן דאָס גיין ווי עס גייט. נאָך אַלעמען: עסן קריגן מיר דאָ דאָס בעסטע, אַ דאַך איבער'ן קאָפּ האָבן מיר, ווי אַזוי גאָט וועט פירן, אַזוי וועט זיין. אויף מאָרגן ביי ברעקפעסט האָב איך ווידער געגעבן אַנצוהערעניש: „ביז וואַנען איז דער שיעור צו זיין ביי יענעם אַז אורח אויף קעסט? האָט דער באַלעבאָס זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט: „ביז עס וועלן זיך אויסלאָזן ביי אייך אייערע מעשיות און וויצן". די באַלעבאָסטע האָט דאָס דערהערט, האָט זי אַזש פאַרוואָרפן מיט'ן קאָפּ. „חס־וחלילה", האָט זי אויסגעשריען, „זיינע מעשיות קענען זיך דאָ אַזוי ציען ביז משיח וועט קומען"...

וואָס טויג אייך חכמות, פון אַלע גליקן האָב איך זיך באַטראַכט אַז אַרומדרייען זיך אַזוי ליידיק איז קיין תכלית ניט.

אַז אַלע שכנים זיינען זיך צעפאָרן, די באַנגאַלאָס שטייען פוסט און ליידיק, ניישטאָ קיין שטאָך אַרבעט. גאָט פאַרלאָזט אָבער ניט! אין אַ שיינעם פרימאָרגן כאַפּ איך אַ שפּאַציר און באַמערק איך, אַז אַלע מיסט־קאַסטנס ליגן איבערגעקערט, די דעקלעך אַרונטערגעריסן, די מיסט איז צעוואָרפן איבער'ן גאַנצן גראָז — אַן אמת'ער חורבן. איך האָב זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם מיט דעם באַלעבאָס. זאָגט ער מיר, אַז עס האָבן זיך איינגענאַדיעט אַהער אַ פּאָר הינט פון אַ דערבייאיקער פאַרם און זיי מאַכן דאָס דאָ אָן דעם חורבן.

הקיצור, איך בין אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, האָב „אָפּגעוואַטשט" די פּאָר כלבים. איך הויב זיך אָן דורכרעדן מיט זיי אויף עטלעכע הינטישע שפּראַכן מיטאַמאָל: — „גערארי היר", „פּאַשאָל וואָן", „פּשאַקרעוו" און אַזוי ווייטער. נערענקט האָב איך, אַז פאַר אַזאַ „געהויבענעם גאַסט" וועלן זיי האָבן אַביסל דרך ארץ. ערשט אַ נעכטיקער טאָג. ווער איך שוין אַ קאָפּעטשקע ברוגז, גיי צו נעענטער צו זיי, גיב זיי אַ סטראַשע, דערשרעקן זיי זיך ניט. איינער שטעלט אָן אויף מיר אַ פּאָר חוצפּה'דיקע אויגן, ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: „קוקציים נאָ אונעם" — אַ נייער באַלעבאָס אויף מיין קאָפּ! הו־דו־העל אַר יו טו גיוו מיר אָרדערס? וואו שטייט דאָס געשריבן אַז דו דאַרפסט זיך שטאָפּן מיט מאַרצעפּאַנעם און מיר וועסטו זאָגן דעית פאַר דעם ביסל שיריים! מ'שטיינס געזאָגט וואָס עס בלייבט פון דיר איבער! פאַרנעם זיך פון דאַנען איידער איך רייס דיר אָפּ אַ באַלע פון דיין קאַפּאָטע"...

נו, ווי געפעלט אייך עפּעס אַ חוצפּה פון אַ כלב? בקיצור, איך האָב דערזען אַז מיט די הינט וועל איך גאָרנישט מאַכן, האָב איך זיך גענומען צו די קעץ...

מען דאַרף ציילן די באַלעבאַטים אַז מען איז ניט קיין „דאַרמאָיעדניק" (אומזיסטער פרעסער) און מען דאַרף אַ טראַכט טאָן עפּעס צו טאָן. נאָר גיי טו עפּעס,

זינט דער עולם האט זיך „צעמופט״, האבן זיך איינגענאדיעט אהער א פאר קעצלעך ביים הויז און מ׳קען פון זיי ניט פטור ווערן. הכלל, איך האב זיך ארויסגעלאזט באלד נאך ברעקפעסט אויפ׳ן יאגד פון די קעץ. האב זיי אנגעהויבן צו טרייבן פון איין באנגאלא צום צווייטן, צום טייכל, צום וועלדל. קיין גרינג שטיקל ארבעט איז דאס ניט געווען. ס׳האט מיר גענומען א שיינע פאר שטונדן. איך בין אבער ענדלעך פון זיי פטור געווארן. לויף איך שוין אהיים מיט א שמחה אנצבזאגן די מיינע באלעבאטים די בשורה, אז איך האב אפגעטאן א שיין שטיקל ארבעט — פטור געווארן, הייסט עס, פון די קעץ... איך קים צו צום טיר און גלויב ניט מיינע אויגן. ביידע קעצלעך שטייען ביי דער טער, ווארטן פאר מיר, איך זאל זיי אריינלאזן אין הויז, איבערכאפן עפעס אויף זייער ניכטערן הארצן... ווייזט אויס אז מיט זייער קעציש הויש האבן זיי פארשטאנען, אז איך בין דא א גרינער, האבן זיי מיר איבערגעכיטרעוועט, האבן געמאכט א פאר „שארט־קאטס״ און זיינען געקומען פריער פון מיר...

ס׳איז דא א שפראך־ווערטל, אז אפילו א קאץ קען קאליע מאכן... איך קען דאס דווקא ניט זאגן. מיר האבן די פאר קעצלעך גארניט קאליע געמאכט. פארקערט, זיי האבן מיך אין אן עת צרה גראדע אפגעראטעוועט. איך מעגט דאס הערן:

איינמאל פאר ברעקפעסט נעם איך מיר א לאנגן שפאציר, איך פארקריך אין א פאר געסלעך וועלכע זיינען מיר געווען נאך אביסל פרעמד. איך האב זיך דארט אזוי פארדרייט, אז איך האב ניט אנגעהויבן צו וויסן וואו איך בין, איך ווער גוט הונגעריק. שטעל איך זיך אפ, הויב זיך אן ארומצוקוקן אויף אלע זייטן און א נס איז געשען. איך באמערק פון דערווייטנס מיינע באקאנטע פאר קעצלעך דרייען זיך ארום. צווישן די באנגאלאס און זוכן אביסל חיונה אויף צו דערהאלטן זייערע נשמות. איך דערנענטער זיך צו זיי און איך קען ניט באשליסן וואס צו טאן, צי איך זאל זיי נאכגיין, אדער זיי זאלן נאכגיין נאך מיר. איך באשליס ביי זיך אז ס׳איז בעסער איך זאל זיי נאכגיין. זיי האבן, ווייזט אויס, דערשנאפט מיט זייער קעציש הויש אז איך האב ענדלעך געשלאסן מיט זיי א „וואפן־שטילשטאנד״ און וועל זיי מער ניט טרייבן פון הויז אין גלות אריין... האבן זיי זיך פארקירעוועט אין אן אנדער געסל, האבן געמאכט עטלעכע „שארט קאטס״ און מיך געבראכט בשלום אהיים.

נו, איך ווייסט דאך, אז צו אלעם נעמט א סוף, אפילו צו גוטע זאכן.

אין א שיינעם טאג האבן אונדזערע מכניסי־אורחים אונדז איבערגעגעבן די „ביטערע נייעס״, אז זיי פארן נעקסטן זונטיק צו א בר־מצוה אזש קיין פילאדעלפיע, און מיר זאלן זיך מחילה אנהויבן צו פאקן און וועג אריין. (ס׳האט שיעור ניט געהאלטן דערביי זיי זאלן אונדז מיטנעמען קיין פילאדעלפיע... נאר צוליב א געוויסער סיבה האבן מיר דאס ניט געקענט מאכן.) מיר האבן ניט געהאט קיין אנדער ברירה ווי זיך אפגעזעגענען מיט אונדזערע ברויט־געבער און פארלאזן דעם גן־עדן התחתון, וואס לאזט זיך אזוי שנעל ניט פארגעסן. מיר האפן אבער, אז אט די עקסטרא פאר וואכן וואס זיי זיינען אונז געבליבן שולדיק צוליב דער בר מצוה, וועלן זיי אי״ש ביים נעקסטן סעזאן גוטמאכן...



# היינטיגע גרינע

אנטקעגען דעם האט איר זאגט. גרינע. וואו האט איר דען היינט אין לאנד גרינע? אמאליגע יארען האט א גרינער באדארפט דורכגעהן שבעה מדורי גיהנום ביז ער איז געווארען א געלער. היינטיגע צייטען קומען זיי אריין פארטיגע געלע. היינט רופט מען זיי מיט א נייעם נאמען: „רעפיודזשים" הייסען זיי. און לאמיר אייך זאגען א סוד, אז מאנכע פון אט די רעפיודזשים קענען אונז געלע ארויסטרייבלען פון ארבעט...

אט וועל איך אייך דערציילען א מעשה פון א רעפיודזשי, טאקע מיינער א שכן, וועלכער איז דא בסך הכל עטליכע מאנאטען אין לאנד, און האט זיך שוין דא דערשלאגען צו אזא מין פאזיציע, וואס אן אמאליגען גרינעם וואלט דאס באדארפט נעמען יארען דאס צו דערגרייכען.

דאס איז געווען א טאג נאך יום־כפור, שטעלט ער מיך אפ, און פרעגט זיך: אפשר קענט איר מיר זאגען וואו מ'קען קריגען עפעס א לייטישען אתרוג? איך האב אים פארשריבען אויף א צעטעלע עטליכע פלעצער וואו ס'איז דער אבית'ער יאריד פון די אתרוגים. אויף מארגען אוונט האט ער מיר אנגעקלאפט אין טיר, האט מיך באדאנקט פאר דער טובה און האט מיר געצייגט, א צופרידענער, וואס פאר א שיינעם יקר המציאה ער האט אריינגעקראגען. דערווייל האט איך מיין אידענע מכבד געווען מיט א גלעזעלע טיי. און וואס זאל איך אייך מאריך זיין? ביי דעם דריטען גלעזעלע טיי בין איך, מיט מזל, געווארען זיינער א „פארטנער" צום אתרוג. האב איך אפגעסילוק'ט האלב וואס ס'האט זיך אנגענומען אויף מיין חלק. ער האט מיר אנגעווינשעוועט א גוט יאר, מיט א גוטען קוויטעל, האט א קוש געטאן די מזוזה און אוועקגעגאנגען.

דעם ערשטען טאג סוכות האט ער מיר אנגעקלאפט גאנץ פריה. אריינגעקומען איז ער אויסגעפוצט אין אן אטלאסענער קאפאטע, מיט א פליושענעם קאפעליוש, די באָרד צעקעמט אויף ביידע זייטען, ווי, להבדיל, ביים קאיזער פראנץ יאסעף... איינס און צוויי האט ער מיט מיר אפגעזאגט די ברכה „על נטילת לולב" און איז פארשוואונדען געווארען.

ערשט חול המועד האב איך זיך דערוואוסט וואס פאר א שעהן שטיקעל ארבעט מיין „רעפיודזשי־פארטנער" האט אפגעטאן מיט אונזער בשותפות'דיגען אתרוג. ער האט אפגעטאן איין קלייניגקייט: ווען ער איז פארטיג געווארען מיט'ן אתרוג אין דער היים, האט ער זיך ארויסגעלאזען צווישען די אידישע סטארקיפערס צו „קענוועסען" מיט'ן אתרוג, אזוי צו זאגען... פונקט ווי יעדע ביזנעס פאדערט זיך איר „סלאגאן", און יעדער סיילסמאן האט זיין וועג ווי אזוי דעם סלאגאן אויסצונוצען, אזוי האט זיך אט דער רעפיודזשי ארויסגעלאזען מיט זיין אייגענעם אריגינעלען „סקים"...

אין יעדען געשעפט באזונדער איז ער, ערשטענס, אריין מיט א ברייטען גוט יום־טוב. איידער דער סטארקיפער האט צייט געהאט זי דארומקוקען, האט ער אים פלינק געגעבען א טו אן א יארמולקע אויפ'ן קאפ, און קוים ער האט זיך אפגעפארטיגט מיט דער יארמולקע, האט ער שוין יענעם געהאט ווי ביי זיך אין פאקעט...

און מיט יארמולקעס איז ער געווען באלאדען פון קאפ ביז די פיס, אזוי צו זאגען. ער האט געצויגען יארמולקעס פון זיינע קעשענעס, אזוי ווי א שווארצקינסטלער ציהט זיינע סטענגעס פון מויל.

מיט אט דעם „טראנספארט" יארמולקעס האט ער געארבעט ווי א געניטער פאליטישען אדער, ווי להבדיל, א גבאי, וועלכער פארשטייט בחוש וועמען צו איינטיילען א פעטע עליה און וועמען א מאגערע... עס האט זיך געווענדעט אין דער גרויס פון דעם געשעפט. איז די סטאר געווען א גרויסע, האט ער „געיוזט" א ווייסע ארמולקע, ווי ס'פאסט פאר א באלעבאטישען אידען... איז די סטאר געווען אביסעל קלענער, האט ער יענעם מכבד געווען מיט א שווארצער זיידענער יארמולקע. און אז ער איז אריינגעפאלען אין א פיצעל סטארקע און דער בעל הבית האט אים אויסגעקוקט ווי א קבצן אין זיבען פאלעס, האט ער אויף אים ארויפגעשלעפט סתם אן אלטע, צעדריפעטע, יארמולקע און פטור און עסק...

איידער ער האט געמאכט די ברכה מיט יעדען סטארקיפער, האט ער קודם אוועקגעלייגט א מאנאלאג בזה הלשון: „איך בעט ביי אייך ניט קיין באצאלט, ווייל אפילו ווען איר ווילט מיר איצט באצאלען, נעם איך סיי ווי קיין געלט ניט אום יום־טוב. נישקשה — זאגט ער — איר זיינט ביי מיר א גוטער ביטוח, איך וועל מיט אייך בענטשען אתרוג אויף אינסטאלמענטס... און נאך יום־טוב, אויב איר וועט מיר ניט באצאלען, ווינש איך אייך סיי־ווי א גוט קוויטעל. איך טו דאס, — זאגט ער — ניט פאר קיין געלט, נאר לשם מצוה..."

וואס טויג אייך חכמות, די ביזנעס זיינען ביי אים אוועק ווי געשמירט. נאר אזוי ווי יעדע ביזנעס האט זיך אירע „אפס און דאונס", האט אויך מיט'ן רעפיודזשי עפעס געטראפען, וואס ס'איז שיער ניט געקומען קיין „קאטאסטראפע". נאר ס'האט זיך ב"ה אויסגעלאזען צום גוטען. ומעשה שהיה כך היה: צווישען אלע סטארקיפערס איז דארט געווען איינער — א בעקיזר. ביי דעם דאזיגען בעקער האלט איינער א פרוכט־סטענד, אן איטאליענער, „טאני" הייסט ער. ווען דער איד מיט'ן אתרוג איז אריין אין בעקעריי, איז טאני גראד געווען אין בייסמענט. אין בעקעריי האט ער געטראפען א גאנצע כאפטע מיט קונים און ער האט מיט אלעמען אפגעבענשט אתרוג. אין „האלסעיל", אזוי צו זאגען... ווען ער איז ארויס פון בעקעריי, איז שוין טאני געווען ביים סטענד. גראד איז ער געשטאנען מיט דער פלייצע צום רעפיודזשי. האט ער, הינטען ארום, אן צערעמאניעס, געגעבען א טו אז טאני'ן א זיידען יארמולקע אויפ'ן קאפ, האט אים געגעבען א שטופ אריין דעם אתרוג אין איין האנט, דעם לולב אין דער צווייטער, האט אפגעמאכט מיט אים די ברכה.

און איידער טאני האט צייט געהאט אפצוכאפען דעם אטעם, איז שוין דער איד מיט'ן אתרוג אריין אין א צווייטען געשעפט...

מילא, וואס ס'האט זיך אפגעטאן דארטען אין גאס בשעת דער איד האט געבענשט אתרוג מיט טאני'ן, לאז איך דאס איבער צו אייער פאנטאזיע. ווי איך האב זיך דערוואוסט נאך יום־טוב פון מיינע שכנים, האט ער געמאכט מיט אונזער אתרוג דעם גרעסטען סוקסעס... ביי טאני'ן האט ער איינגעקאלעקטעד א פאר דאלער...

מיט א שטיקעל צייט שפעטער האב איך זיך מיט אים צופעליג באגעגענט און זאג צו אים: „איך האב געהערט זאגען, אז אונזער שותפות'דיגער אתרוג איז אייך געווען מזל'דיג". און איך לייג צו אין שפאס: „איר ווייסט, אז על פי

ריין קומט מיר א חלק פון אייער קאַ־לעקשאַן, ווייל איך בין דאָך געווען א „סאַילענט פּאַרטנער" צום געשעפט". האט ער א גלעט געטאן זיין פראַנצ־יאַזע באָרד אויף ביידע זייטען און האט מיר געענטפערט, בזה הלשון: „ווייסט איר וואָס? איך האב פאר אייך א פּלאַן. לאמיר קויפען נעקסטען סוכות ווידער א־אתרוג צוזאַמען, און מיר וועלען זיך בייטען מיט די ראָלען. איך וועל אייך, זאָגט ער, געבען די אדרעסען פון אלע מיינע „אתרוג בענישערס". איר וועט מיט זיי בענטשען אתרוג און איר וועט מאַכען די קאלעקשאַנס. איך געטרוי אייך. מיר וועלען ארבעטען, הייסט עס, אויף א פיפטי־פיפטי בעיסיס"... נו, ווי געפעלט אייך עפעס אזא גרינער, הא?...

"אידען לאמיר לאכען"



"לאכען איז געזונט"

# מיין צווילינג ברודער

ארײנגעקומען אהער אין דער גאָלדענער מדינה בין איך, קען מען זאָגן, מיט'ן רעכטן פוס. באַלד ווי מ'האט מיר געבראכט פון קעסל־גאַרדען, איידער איך האב נאָך צייט געהאט אויסטרינקען מיין ערשטע פּאַרציע ביטער־זאַלץ, מיט וואָס מ'פלעגט מכבד זיין אלע גרינע, בין איך שוין געווען באַוואָרנט מיט גאַנצע צוויי דזשאָבס אויף אמאָל.

פאַרוואָס עפעס דווקא צוויי? דערפאַר ווייל איך האב דאָ געהאט צוויי פעטערס. איינער, דער פעטער זלמן — א הויז־פּיינטער, און דער פעטער מאָטל — א ווינדאָ־קלינער. ביי ביידע דזשאָבס האט מען ניט באַדאַרפט באַזיצן קיין גרויסע חכמה דאָס איבערצונעמען. ביידע פעטערס האבן מיר געגעבן פילאָזאָפיש צו פאַרשטיין, אז מיט צוויי טרעידס קען דאָ קיין גרינער ניט פאַרפאַלן ווערן, ד.ה. ווען ס'קומט חלילה א קריזיס אין לאַנד און ס'ווערט „סלאָו" ביי איין טרעיד, כאַפּט מען זיך באַלד צו דער צווייטער.

מיר איז דער פּלאַן דווקא געפעלן געוואָרן. איך האב אבער באַלד געוואָרפן אַן אומ'חן אויף פּעינטעריי, ווייל דער פעטער זלמן פלעגט קומען אהיים אַן אויסגעשמירטער, מיט פאַרשמאַלצעוועטע אָוועראָלס און אפילו שבת פלעגט פון אים זעצן א ריח פון בענזין מיט טערפּענטין.

דערפאַר האב איך זיך גענומען מיט גרוים חשק צו ווינדאָ־קלינינג. אמת, די מלבושים פון ווינדאָו־קלינינג האבן מיר אויך געפּאַסט ווי א פּאַטש צו א גוט־שבת. אַז בסך הכל בין איך ארונטער פון שיף אַן אמת'ער פּאַצעט: שמאָלע הויזן, א לאַנגן רעקל, א ווייסן פּאַפּי־רענעם קאָלנער מיט מאַנטזשעטן, א הי־טעל מיט א גלאַנציקן דאַשעק און מיט „ספּעטס" אויף מיינע „זאַגראַניטשנע" לעדערנע קאַמאַשן, און דאָ האט מיר דער פעטער פאַרפּוצט אין א פּאָר האַרטע אָוועראָלס, וועלכע זיינען געווען האַלב נאָס און האַלב טרוקן. ער האט מיך אויך מכבד געווען מיט נײַנעם א „לאַמ־פּער דזשעקעט" וואָס איז געווען מיט א



פאר סאיזעס צו גרויס פאר מיין מאס. אין דעם הינטערשטן פאקעט פון די אָוועראָלס האט ער מיר ארייננעשטעקט אזא מין גומענע מאכערייקע וואס מען שארט ארונטער דאס וואסער פון די ווינדאָוס. חוץ אט די צאצקעדיקע מלבושים האב איך געדארפט טראגן אין איין האנט א „פעיל" (עמער) פאר דער וואסער, מיט א לייטער אויפ'ן אקסל, און אין דער צווייטער האנט — א לאנגן שטעקן, אנגעטשעפעט א שמאטע פון אויבן. דאס איז געווען פאר די גאר הויכע פענסטער, וואס צוליב מיין נידעריקן וואוקס, האב איך ניט געקענט דערלאנגען מיט'ן לייטערל. דער שטעקן איז געווען צוויי מאל אזוי די גרויס ווי איך. דערפאר האבן מיר די אנדערע ארבעטער נעקרוינט מיט'ן שיינעם נאמען: „משה רבינו מיט'ן שטעקן"...

נו, איך פארשטייט דאך, אז שטארק איינגעליבט אין אט דעם הולך בין איך ניט געווען. איך האב אבער געהאט א טרייסט, אז נאך דער ארבעט האב איך זיך ניט בארארפט וואשן און שקראבען אזוי ווי מיין פעטער זלמן. איך פלעג טאקע גיין צו דער ארבעט און פון דער ארבעט אויסגעפוצט ווי אן אמת'ער פראנט. איך פלעג זיך איבערטאן אין בייסמענט וואו די ארבעטער האבן געהאלטן זייערע מכשירים, און נאך דער ארבעט פלעג איך ארויפציען אויף זיך מיינע פענסי מלבושים, אזוי ווי איך וואלט קיין ווינדאָו־קלינער קיינמאל ניט געווען. איך מוז דא אויך צוגעבן, אז מיט מיינע גרינע איראפעאישע מלבושים האב איך זיך ניט געקענט שיידן פאר א גאנץ לאנגער צייט. איך האב געוואקסן אז אומ'חן אויף די אמעריקאנער מאָדע קליידער פון דעם ערשטן טאג וואס איך בין ארונטער פון שיף. דאן האט מען געטראגןברייטע פלודערן, א 22 באטאם. די מענער האבן דאן אויסגעקוקט אין מיינע אויגן, ווי זיי וואלטן געטראגן אויף זייערע מאנסבילשע פיס ווייבערשע ספאָדניצעס... דערפאר האבן טאקע, ווייזט אויס, מיינע גרינע מלבושים, מיט די שמאלע הויזן אזוי שטארק אויסגענומען אין בראנזוויל. ווייל אז איך פלעג נעמען א שפאציר אין פיטקין עוועניו, האט מען אויף מיר געווארפן בליקן פון אלע זייטן. מענטשן האבן זיך פשוט אפגעשטעלט צו „באוואונדערן" מיין דאמאלסטיגן הולך... כאטש מיין וואוינונג, ווי געזאגט, איז דאן געווען אין בראנזוויל, האט אבער דער פעטער פאר מיר באשטימט מיין „ביזנעס־ראוט" אזוי אין הארלעם, וועלכע איז דאן געווען אויסשליסלעך באזעצט פון אידן.

ויהי היום: קום איך איינמאל אריין מאכן א דזשאב פאר א נייעם קאסטאמער וואס מיין פעטער מאטל האט ארייננעשריבן אין מיין ביבעלע. איך באמערק ווי דער סטארקיפער האלט מיך אין איין באטראכטן, נעמט פון מיר קיין אויג ניט ארונטער. ווען איך בין פארטיק געווארן מיט מיין דזשאב, גיט ער מיר א פרעג, אזוי כלאחר יד: „זאגט מיר נאר, איך בעט אייך, האט איר ניט „טשאסאם" א ברודער אין בראנזוויל." איך, זאגט ער מיר, וואוין אויך אין בראנזוויל, זע איך דארטן אפט אויף פיטקין עוועניו א יונגן־מאן וועלכער קוקט אויס ווי אייער א צווילינג־ברודער, ממש ווי איין מאמע האט אייך געהאט"...

איך האב שנעל ווי א בליץ אויפגעכאפט זיין טעות. עס איז מיר געווארן טשיקאווע די גאנצע געשיכטע און עס האט זיך מיר פארגלוסט צו מאכן דערפון א שפאס. אז איך האב דאן טאקע געוואוינט אויף פיטקין עוועניו, ווען דעם

האט ער קיין טעות ניט געמאכט. נאר אז איך האב קיינמאל קיין ברודער ניט געהאט, האב איך זיך פון דעם מיטער געוועז, אז דאס האט ער מיך מסתמא באמערקט דארטן אין מיינע שמאלע הויזן מיט די איבעריקע „פענסי" גרינע מל-בושים וואס איך טראג. און דא זעענדיק מיך אין אזא הולך, האט ער מיך פשוט אנגענומען פאר יענעמס א צווילינג-ברודער...

איך טראכט ניט לאנג און פון אים גלייך אפ א גלאטן ליגן. (ווייזט אויס אז „פוצן ווינדאוס" מיט „פוצן ליגנס" גייען האנט אין האנט...) און איך ענט-פער אים קורץ און שארף: „יא, איך האט געטראפן, ווי איך בין א איד! איך האב טאקע דארטן א ברודער. אז איך וועט אים זען, גיט אים איבער א גרוס פון מיר און זאגט אים אז איך קלין פאר אייך די ווינדעס אין אייער סטאר...

דער איד האט זיך פשוט דערפרייט פון מיין ענטפער. „ווי נאר, זאגט ער מיר, איך האב אויף אייך א קוק געטאן, האב איך באלד פארשטאנען אז איר מוזט זיין יענעמס א ברודער"...

בקיצור, עס גייט אוועק א שטיקל צייט. זיץ איך איינמאל זונטיק, אין א דערבייאיקן פארקל. אין יענעם פארקל שטייען בענק מיט טישלער אויף צו שפי-לען טשעקערס, בינגא און סתם כאפן א קערטעל. פלוצים באמערק איך פון דער-ווייטן מיין סטארקיפער. איך מאך זיך תמ'עוועטע ווי איך וואלט אים אינגאנצן ניט באמערקט. לאנג האב איך ניט באַ-דארפט ווארטן. ער שטעלט זיך אפ נעבן מיין טישל און גיט מיר א פרעג אן צערעמאניעס: „איר האט א ברודער א ווינדאו-קלינער?" יא, ענטפער איך אים, וואס איז דען? — „איך בין, זאגט ער מיר, זיינער א קאסטעמער אין הארלעם. ער קלינט פאר מיר די ווינדעס אין מיין סטאר איין מאל א וואך. ער איז ערשט געוועזן ביי מיר מיט א פאר טעג צוריק און איך קען אייך אפגעבן א גרוס פון אים". איך האב אים באדאנקט פאר'ן גרוס און זאג אים: „אז ער וועט זיין ביי אייך איה"ש נעקסטע וואך, גיט אים איבער פון מיר א גרוס"...

און כך הוה: איך קום צו אים אין סטאר מיט א פאר טעג שפעטער און איידער איך האב נאך צייט געהאט אנ-צופילן מיין „פעיל" מיט וואסער, זאגט ער מיר א צעשמייכעלטער: „א גרוס אייך פון אייער ברודער! איך האב אים געזען זונטיק אין פארקל. ער האט דארט געריבן א „געים" אין קארטן מיט א פאר אידן"...

---

איך באדאנק אים פאר זיין גרוס און טראכט ביי זיך: ווי לאנג קען זיך ציען אט די שפיל מיינע? דער אמת וועט דאך סוף כל סוף מוזן ארויס ווי בוימל אויפ'ן וואסער און איך וועל דארפן אויפ-הערן צו שפילן די ראל פון א „דר. דזשעקל און מר. האיד"... דערווייל איז פון מיין טראכטן ביז ארויסגיין מיט'ן אמת אוועק א שטיקל צייט און דער איד פלעגט מיר אפגעבן גרוסן פון מיין ברו-דער רעגעלמעסיק, יעדע וואך, פינקטלעך ווי א זייגער. ביז ס'האט איינמאל פאַ-סירט אזא מעשה, איר מעגט עס הערן:

איך קום צו אים איינמאל אין א מאנטיק פרי, און ווי דער שטייגער איז, גיט ער מיר קודם כל אפ א גרוס פון מיין ברודער און ער זאגט מיר, אז ער האט צו מיר א גרויסע בקשה, דהיינו: אזוי ווי ער האט אפגעדונגען די לעדיקע סטאר נעקסט-דאר, האלט מען דארטן איצט אין פיינטן. מוז ער נאכ'ן פיינטן האבן געוואשענע ווינדעס אויסצולייגן זיין סחורה, ווייל דער ענד פון דער וואך וויל ער האבן זיין „גרענד־אפענינג", על־כן, אפשר קען איך קומען דאנערשטיק מאכן די ווינדעס און ער וועט מיר באַ-צאלן דערפאר אן עקסטרא פאר טילער.

איך טראכט ניט לאנג און לאז אים וויסן, אז דאנערשטיק בין איך פארנומען ביי א פדיון־הבן, ווייל איך בין א כהן. און חוץ דעם וואס איך וועל מיך דארטן לאזן וואוילגיין מיט די גלאזונע מחותנים שטעקט נאך מיר דערביי צו מאכן ביים עסק „ככה חמישה שקלים“... און איך פארטייטש אים דעם „פסוק“, אז אין מאמע־לשון מיינט דאס פשוט — א פינפערל... וואס דאס מיינט, א כבוד מיט א מצווה צוזאמען. ער לאזט אבער ניט אפ און זאגט מיר, אז דעם טייטש פון פסוק ווייסט ער אויך, און אז מען דארף „ספענדן“ א פינפערל פאר א „גרענד אפענינג“ שפילט דאס ביי אים א גאנץ קנאפע ראלע. און וואס שייך דער „מצווה“, איז די זעלבע מעשה, אז פאר דער טובה וואס איך וועל אים טאן, וועל איך נאך אריינכאפן אפשר א גרע־סערע מצווה ווי ביים פדיון הבן...

הכלל, איך האב מיך בארעכנט, אז איך וועל דא קענען, ווי מ'זאגט, שיסן צוויי האזן מיט איין שאס. און איך זאג אים צו, אז איך וועל זיכער מאכן פאר אים דעם דזשאב, ווען איך דארף אפילו קומען נאכ'ן פדיון הבן. דערביי גיב איך אים צו פארשטיין, אז דא אין אמעריקע צוזאמענשלעפן א מנין אידן צו א פדיון הבן איז ניט אזא לייכטער עסק. דערצו מיישט זיך נאך אריין א מנחה מיט א מעריב, ברכות, פסוקים און אז.וו. איז, אויב, זאג איך אים, עס וועט זיך אביס־סעלע פארציען, זאל ער זיך ניט זארגן; ווייל באלד נאך דער שמחה גיב איך זיך א טו איבער און קום גלייך צו דער אהבעט. און כך הוה: ווען איך בין פארטיק געווארן מיט'ן פדיון הבן, האב איך זיך גלייך ארויסגעשארט פון דעם עולם וועלכער איז שוין געווען א קאפ־פעטשקע „פארשניאשקעט“. איך האב געכאפט די סאבוועי און אוועקגעפארן ענדרוס־פענדרוס גלייך צום סטאר.

איך קען אייך ניט זאגן אקוראט, צי די קאפ איז מיר געווען פארטשאדעט פון דעם ביסל זילבער וואס איז מיר אריינגעפאלן, צי דאס איז געקומען פון דעם כיבוד מיט די אפטע „לחיים'ס“ וואס איך האב דארטן אריינגעכאפט... איך ווייס נאר, אז אנשטאט איך זאל זיך גיין איבערטאן אין מיינע וואכעדיקע אוועראלס אזוי ווי איך האב געפלאנע־וועט, בין איך אוועק אין מיינע יום־טוב־דיקע מלבושים, אויסגעפוצט, ווי עס פאסט טאקע פאר א כהן צו א פדיון הבן...

וועגן מיין שפאסיקער ראלע פון מיין צווילינג־ברודער האב איך זיך ערשט גע־כאפט ווען איך האב געעפנט די טיר פון זיין געשעפט און ער האט מיך א פאר־חידוש'טער א פרעג געטאן: „ווי קומט איר אהער אין מיטן דערינען אזש פון בראנזוויל? אלבעטשע — זאגט ער מיר — אז איר דארפט זיך דא טרעפן מיט אייער ברודער! ער דארף דא טאקע באלד זיין. איך ווארט שוין אויף אים אזוי ווי אויף משיח'ן“.

איך האב ניט געהאט קיין אנדער ברירה ווי ארויסצולאזן די קאץ פון זאק און האב אים געזאגט אן צערעמאניעס, אז מיין ברודער וועט דא היינט ניט זיין... ווען ער האט מיר געפרעגט פאר־וואס? האב איך אים געענטפערט גאנץ פשוט: „ווייל איך האב ניט קיין ברו־דער“....

מיין ענטפער האט אים פאר'חידוש'ט נאך מער ווי מיין אריינקומען. ווייל ער האט מיר א זאג געטאן: „ווי עס ווייזט אויס האט דאס ביסל משקה אויפ'ן פדיון הבן אייך א קאפעטשקע צעדרומטשעט. איר באלאמוטשעט שפעס ניט צו דער זאך און איר ווייסט ניט מחילה וואר־ס'האט אייך געשלייערט“.... און כאטש איך האב טאקע באמת געפלאנטערט

לאכט: אונזערע שונאים אויף צו-"לאַכ"-עס

אביסל מיט דער צונג, האָב איך פונדעסטוועגן זיך געפליסט געבן דעם אידן צו פארשטיין, אויף א ניכטערן אופן, אז די גאנצע מעשה מיט'ן אויסגעטראכטן ברודער איז געווען ניט מער ווי א „מאַניפאַרגע", און אין מיין משפחה זיינען געווען גאַלע מיידלעך. אז חוץ דעם וואס איך בין א בן־יחיד, בין איך נאך דערצו א בן־זקונים, אז קיין ברודער האָב איך קיינמאָל ניט געהאט און וועל שוין מסתמא קיינמאָל ניט האבן...





"לאכט און די גאנצע וועלט
וועט לאכן מיט אייך"



# "צרות פון אַ וועגעטאַריאַנער"..

מיינע צרות האָבן זיך אַנגעהויבן, ווען מיין אידינע האט זיך דערוואוסט פון אַ לעקציע ביי וועגעטאַריאַנער, אז פלייש איז סם־המות פאַרן מאַגן, און וועדזשעטייבעלס זיינען אַ רפואה צו אַלע חולאת'ן. די זעלבע וואָך איז מיין הויז פליצים פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַן אמת'ן גאָרטען פון גרינע בלעטער, גראָזען און קרייטיכצער, און אַ קיך מיט אַזעלכע מאַדנע געקעכצן, אז איך האָב ניט אַנגעהויבן צו וויסן איבער וועלכן מאַכל מ'ן מאַכט אַ „בורא פרי האדמה" און איבער וועלכן מ'מאַכט „בורא מיני מזונות"... ביי יעדן נייעם מאַכל וואס זי האָט מיר אונטערגעטראָגן, האָט זי פינקטליך אויסגערעכנט די מאָס „קאַלאָריס", וויטאַמינען, אייזען און זויערשטאָף, וועלכע זיינען אַזוי נייטיג פאַרן מענטשליכן קערפער...

עס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ווען איך זאָל זיך געמוזט דאַרפן קוויקן מיט אָט די זיסע מאַכלים נאָר פאַר ווערטשערע. האָב איך אָבער חוץ דעם נאָך באַדאַרפט אויף מאָרגן מיטנעמען דאָס נעכטיגע ביסעל שיריים פאַר „דינער" אין שאַפּ אַריין.

אין יענע צייטן פלעגט יעדער אַרבעטער מיטברענגען זיין אייגענעם ביסעל געקעכטס. מ'שטיינס געזאָגט. ווי זאָגט מען: „קדרה אין אַ קליין טעפּעלע". איך פלעג גראָדע מיטברענגען ניט קיין קליין טעפעלע, נאָר דווקא אַ ניישקישהדיג טעפּעל אַנגעלאָדען מיט „נאַטעס", פּראַטעס, וויטאַמינס מיט פּלענטי זוירשיין...

וואס טויג אייך הכמות? איך האָב אַנגעהויבן לעבען אַ וועגעטאַריאַנעם לעבען. עס רעדט זיך אַזוי „לעבען". ס'איז געווען ניט געלעבט און ניט געשטאָרבן. גאַנצענע טעג איז מיר אויסגעגאַנגען

דאס ביסעל חיות נאך א שטיקעל פלייש. מיר האבען דאן גראד געוואוינט אויפן „מאפ פלאר". געדענדיג און קומענדיג פון דער ארבעט, פלעגט מיר אויסקומען פארבייצוגעהן די טירן אפשר פון צוואנציג שכנים. פון יעדער טיר באזונדער האט געזעצט א פארע מיט א ריח פון פארשידענע פליישיגע מאכלים: געפרעגעלטע שמאלץ, געבראטענע לעבער, ציבעלע־סטעיק, האבעל פלייש, גולאש מיט נאך אזעלכע מיני מאכלים, פון וועלכע ס'פלעגט מיר אזש רינען די סלינע פון מויל און בין געווארען פארטשאדעט... בקיצור, איך האב זיך אפגעמוטשעט אזוי א שטיקעל צייט, און ווי זאגט דאס שפריכווערטל: „דער אויבערשטער שיקט צו א רפואה צו יעדער מכה". אין א שיינעם פרימארגען האט אונזער בעל־הבית אריינגענומען א נייעם אפעראטאר — וועלוועל האט ער געהייסען — און גראדע אויף מיין מזל האט ער אט דעם וועלוועלען אוועקגעזעצט פונקט נעבען מיר. עס קומט די צייט פון מיטאג עסען, איך זע, מיין נייער שכן עפענט אויף א נישקשהדיגען „פייפער־בעג" און הויבט אן צו שלעפען פון דארטען פארשידענע פליישיגע מאכלים: געפרעגעלטע גריוועך, געהאקטע לעבער, א פופיק, א שטיק קאלבס־ברוסטל וואס פון דעם ריח אליין האט זיך מיר אזש די קאפ פארדרייט...

זינט איך אזוי באטראכט מיין שכן, און בין איב מקנא אויף זיין פליישיגן „דאבריבזיר". איך באמערק אבער, אז אט די אלע געשמאקע געריכטען, עסט ער עפעס אהן חשק און אהן טעם. די גריוועך גיט ער א לעק, די לעבער א שמעק, מאכט א פארקרימטע מינע אזוי ווי ער וואלט איינגענומען א פארציע ריצענאייל. דערנאך גיט ער א רוף דאס קעצעל וואס האט זיך ארומגעדרייט ביי אונז אין שאפ. גיט איר כמעט אלץ אוועק. דאס איבעריגע ווארפט ער אריין אין מיסט־קעסטעל און שוין: ער איז שוין פארטיק מיטן דינער.

אויף מארגען, איך נעם פון אים קיין **אויג ניט ארונטער. איך זע, ס'חזר'ט** איבער די זעלבע געשיכטע. און אט אזוי יעדען טאג. ברענגט א פעקעל פליישיגס און ווארפט דאס ארויס. בקיצור, איך האב זיך איינמאל אנגענומען מיט מוט און גיב א פרעג: „וואס איז דער שכל וואס איר נעמט אזוינע געשמאקע מאכלים און ווארפט זיי אוועק אין נייוועץ?" איך וועל אייך מאכען די מעשה קורץ. מיין שכן האט פאר מיר געעפענט זיין ביטער הארץ. ער האט מיר דערציילט, אז ער מיט זיין ווייב זיינען געווען פארקאכטע וועגעטאריאנער זייער גאנצען לעבען, און ער איז, ניט פאר קיינעם געדאכט, געבליבן אן אלמן. איצט האט ער נאכאמאל חתונה געהאט: אין צו זיינע גרויסענע צרות שטאמט זיין צווייטע ווייב פון א גרויסער פליישיגער משפחה, ווי למשל, בוטשערס, טשיקען־דילערס, פליישיגע רעסטאראנען, מיט דעליקאטעסען סטארס: מיט איין ווארט: א משפחה איינגעטונקען אין פלייש. פאר דער חתונה, זאגט ער, האט זי אים צוגעזאגט גאלדענע גליקען. ד. ה. אז זי וועט אים קאכען פארשידענע וועדזשעטייבלס. נאר איצט האט זי אבער חרטה געקראגען, ניט אויפן שידוך חלילה... נאר זי וויל זיך סתם מער ניט באדערן מיט קיינע וועדזשעטייבעלס. כאטש האקט זי און בראקט זי, האלט זי אין איין האבן פלייש מיט פלייש, אז דאס פלייש קריכט אים ממש פון האלז.

איך האב דערהערט פון וועלוועלען די דאזיגע דיבורים, איז מיר געווארען ליכטיג אין מיינע אויגען. עס איז מיר באלד



איינגעפאלען א פּלאַן, אז איך מיט וועלוועלען קענען טאָן „ביזנעס"... אזוי לאַנג — אזוי ברייט. איך האָב פאר אים געעפענט מיין ביטער האַרץ, און מיר האָבען גלייך אויפן אָרט געשלאָסען צווישען זיך א מין געהיימען אפמאַך, אז מיר זאָלען זיך אנהויבען בייטען מיט אונזערע מאָלצייטען... איך זאָל אים, הייסט דאס, צושטעלען וועגעטאַריאַנער מאכלים און ער וועט מיר „סופּלאַיען" מיט פליישיגס...

וואס טויג אייך חכמות? אונזער איינפאַל האט געאַרבעט ווי א כּישוף. עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז מיר האָבען אנגעהויבען צו באַשטעלען אָרדערס איינער ביים צווייטען, און מיר האָבען שוין אפילו געוואוסט א טאָג אין פאָראויס וואס מיר וועלען עסען מאָרגען... וואס דאַרפט איר מער? ס'האט זיך מיר איינמאָל, אין א פּראָסטען מיטוואָך, פאַרגלוסט א ביסעל „פּעטשאַ". מיט א געפילט העלזעל. נו, מיינט איר אפשר, אז איך האָב דאס ניט געקראָגען? וועלוועלס מאכלים האָבען מיר אזוי „פּאַליזגעט", אז אין א קורצער צייט האָב איך זיך, קיין עין־הרע, א שיינעם ביסעלע פאַרראָוועט... און מיין ווייבעל איז פּשוט צעשמאָלצען געוואָרען פון נחת, קוקענדיג אויף מיר. ניט איינמאָל האט זי מיר אויפגעוואָרפען: זעה ווי אזוי דו קוקסט אויס איצט, און ווי אזוי דו האָסט אויסגעקוקט ווען דו פלעגסט זיך שטאָפּען מיט פליישיגס..." גיי, דערצייל איר א מעשה, אז א פרעמדע פליישיגע אידענע, אזש פון ברוקלין, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט אנגעקוקט פאַר מיינע אויגען, קאָכעלט מיר מיט אזעלכע פּאַטראַוועס, אז איך האָב דאס ביי מיין אייגענער ווייב אזוינס ניט געגעסען. צו אַלץ קומט אָבער א סוף. אזוי האט אייך גענומען און ענדע צו אונזער פליישיגער און מילכיגער „טראַנסעקשאַן".

אין א שיינעם פרימאָרגען האט מיר וועלוועל אנגעזאָגט די גאָר ניט פריילעכע בשורה, אז ער פאַרלאָזט דעם שאַפּ און געהט אַריין אין „ביזנעס" פאַר זיך אליין. און ווייסט איר וואס פאַר א ביזנעס? איר וועט דאס קיינמאָל ניט טרעפען. וועלוועל האט געעפענט א פליישיגען רעסטאָראַן, וואו ער שטעהט נאָך דאַרטען ביזן היינטיגען טאָג.

נו, איצט ווילט איר מסתּמא וויסען צי מיין ווייבעל פאַרנעמט זיך נאָך איצט אויך מיט קאָכען אט די אַלע גרינגע פּאַטראַוועס? מוז איך זיך פאַר אייך מודה זיין, אז איצט קאָכט זי גאָרנישט... ניט קיין מילכיגס און ניט פליישיגס. זי טענהט, אז אין אזא שטאָט וואס איז געבענשט מיט אזוי פיל רעסטאָראַנען און קאַפעטעריעס, דאַרף א פרוי זיין פּשוט משוגע צו שטעהן ביים אויווען און זיך „פּאַטשקען" מיט קאָכען און באַקען. איצט אז מיר ווילען הנאה האָבען פון א געשמאַקען ציבעלע־סטעיק, כאַפּען מיר זיך ביידע אַרונטער צו וועלוועלען. דאַרטען טרעפען מיר די גאַנצע „כאַלאַסטרע" געוועזענע וועגעטאַריאַנער, וועלכע קוויקען זיך מיט וועלוועל'ס פליישיגע מאכלים. איבערהויפּט טרעפען מיר דאַרטען איין שטענדיגען גאַסט, וועלכער לעקט פּשוט די פינגער פון אט די אַלע פּאַטראַוועס. איר וועט קיינמאָל ניט טרעפען ווער דער גאַסט איז.

דאס איז דער זעלבער לעקטשורער, וועלכער פלעגט פּרעדיגען, אז פלייש איז כּבהמות פאַרן מאָגען... מילא, פון מיר אליין איז דאָך אפגערעדט, מיך האט וועלוועל פּשוט דערהאַלטען ביים לעבען. ווען ניט וועלוועל, וואָלט איך שוין לאַנג אנגעשפּאַרט דאַרטען, וואו מ'עסט ניט קיין פליישיגס און ניט קיין מילכיגס...

# "מיינע פארלוירענע אוצרות" . . .

איך הער אפטמאל ווי מענשען באַקלאגען זיך, אַז געוויסע זאכען ווערען ביי זיי פארפאלען. איך קאן זיך אויף דעם, ב״ה, ניט באַקלאגען. ביי אונז איז נאך קיינמאל קיין זאך נישט פארלוירען געגאנגען. ביי אונז ווערען זאכען בלויז פארלייגט. דאס הייסט: היינט לייגט איהר עפעס אַוועק און אויף מארגען ווערט דאס פארשוואונדען פון אונטער די הענט. מיט דער צייט זוכען זיך אבער אפ די אַלע קלייניגקייטען. אט נעמט, למשל, אַזא נארישקייט ווי א כתובה . . . איך ווייס, ביי לייטען, א פאר־פאלק לעבען צווישען זיך בשלום, האַלטען זיי די כתובה צוקאפענס. אויב דער שלום־בית הינקט ביי זיי אַביסעל אונטער, ליגט ביי זיי די׳כתובה ,,באגראבען״ צופוסענס׳. . . ביי מיר, וואס מיר כתובה, ווער מיר כתובה? פרעגט מיך בחרם, איך ווייס אפילו ניט וואס פאר א פנים זי האט.

ערגער פון אַלץ איז ביי מיר, ווען ס׳קומט אונטער א יום־טוב און די יום־טוב׳דיגע זאַכען ווערען מיר פארשוואונדען פון אונטער די הענט: אט אַזוי ווי, למשל, דעם פסח . . . איך קום צו גערן פון שוהל, אַלץ איז צוגעגרייט פאר׳ן מלך: דאס היסב־בעט, מיט די ארבע כוסות, מיט די איבעריגע שאר ירקות. איך גיי צו צו נעמען מיין נייע הגדה מיט דער זיידענער יארמולקע, וועלכע איך האב ערשט נעכטען איינגעהאַנדעלט — א נעכטיגער טאג, נישטא, נישט די הגדה און נישט די יארמולקע. איך מאך א טורמעל. מיין ווייבעל פרואווט מיך איבערשרייען: — ,,משוגענער, וואס גוואַלדעוועסטו? דו האסט דאס — זאגט זי — מסתם אליין ערגעץ וואו פאַרלייגט. אַז דו וועסט דאס געפינען איה״ש דעם נעקסטען יום־כיפור״ . . . הקיצור, איך האב געמוזט פראַוועו דעם סדר אהן דער נייער הגדה און אהן דער זיידענער יארמולקע. דער סדר האט שוין אבער געהאט נישט דעם זעלבען טעם. מיינט איר אפשר, אַז דעם נעקסטען יום־כיפור איז געווען בעסער? מאכט איהר אַ טעות. אמת, איך האב טאקע באווארענט מיין מחזור אויף אַזא פלאַץ, אַז נאר איך אליין האב געוואוסט וואו ער געפינט זיך, פונדעסטוועגען, ווען ס׳איז געקומען צו כל נדרי, איז מיין מחזור ווי אין וואסער אריין . . . דא בין איך שוין אינגאנצען ארויס פון די כלים און האב געמאכט די ריכטיגע טרעוואגע . . . ,,איך וויל פון גארניט וויסען! מיין מחזור זאל מיר זיין!״ בקיצור, מחזור אהער, מחזור אהין, געמוזט גיהן צו כל נדרי אהן דעם מחזור. איך בין געקומען אהיים אבער אַזא צעקאכטער, אַז איך האב זיך אפגעקאטשעט כמעט די גאנצע נאכט, נישט צוגעמאכט מיט קיין אויג. ערשט פארטאג בין איך געשמאק אנטשלאפען געווארען און ס׳חלומ׳ט זיך מיר א מאדנער חלום — אַז ס׳איז היינט דווקא נישט יום כיפור, נאר ס׳איז ערב פסח און איך קלייב זיך צו פראַוועו דעם סדר. נאר איך קאן נישט געפינען מיין הגדה מיט דער זיידענער יארמולקע . . .

איך הויב זיך אן צו ווארפען אין שלאף מיט באַנומענע קולות: ,,מיין הגדה זאל מיר זיין! אנישט צעברעך איך די כוסות מיט אַלעס וואס געפינט זיך אויף דער פסח׳דיגער באַליצע״ . . . מיין אידענע כאפט זיך אויף ווי אַז

אפגעבריטע, הויבט מיך אן צו וועקען: „וואס שרייסטו? וואס כאַרדעוועט מיט דיר? און וואס פאַר אַ פּסח'דיגע פאַליצע איז אויף דיר אַנגעפאַלען אינמיטען יום־כיפור?... בקיצור, איך האָב מיך אויסגעטשוכעט אַביסעל פון מיין פּסח'דיגען חלום און עס גיט מיר אַ בליץ אין קאָפּ — „די פּסח'דיגע פאַליצע!"... איך דערמאַן זיך, אַז נעכטען, בשעת איך האָב איבערגעקערט דאָס הויז, זוכענדיג מיין מחזור, האָב איך פאַרגעסען צו כאַפּען אַ בליק אויף דער פּסח'דיגער פאַליצע...

און פּרזהוה! איך כאַפּ זיך אַרונטער זוי אַן אונטערגעשאָסענער און גיב אַ קוק אויף דער פאַליצע, און ס'ווערט מיר ליכטיג אין די אויגען. מיין מחזור ליגט זיך דאָרטען, אין אַ ווינקעלע אַזוי פאַרטאַיעט, אַט פּונקט ווי ער וואָלט מורא געהאַט מען זאָל איהם, חלילה ניט חמץ'דיג מאַכען. — „נו, איצט זעהסטו שוין — זאָג איך צו מיין אידענע — מ'מענשען גלויבען ניט אין קיין חלומות. ווען ס'חלומ'ט זיך מיר גישט קיין פּסח'דיגע פאַליצע, וואָלט דער מחזור דאָרטען אַזוי אָפּגעלעגען ביז דעם נעקסטען פּסח"... וואָס טויגען אייערע חכמות? איך בין אַוועק מיט'ן מחזור אין שוהל אַריין. גראַדע איז מיר אויסגעקומען צו־זיצען נעבען אַ אידען, וועלכער האָט געדאַווענט פון אַ קליין מחזור'ל, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ קאַרליקל געגען מיינעם. דער איד האָט דערזעהן מיין גרויסען מחזור, האָט ער זיך מיט איהם דערפרייט, אַזוי ווי מיט אַ געפונענעם אוצר. „אַ, — זאָגט ער, — אַט דאָס הייסט אַ מחזור! מיט אַזאַ מחזור דאַרף מען זיך שוין ניט זאָרגען וועגען אַ גוט קוויטעל אויפ'ן נייעם יאָהר"... און וואָס זאָל איך אייך מאַריך זיין? דער איד האָט זיך צוגעכאַפּט צו מיין מחזור און האָט איהם שוין פון זיינע הענט נ׳יט ארויסגעלאַזט. לויט זיין שאָקלען זיך און יעדען זעץ אין האַרצען, וואָס ער האָט זיך געגעבען ביים על חטא, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס קוועטשט איהם אונטער זיין. ארבע כנפות און ער מוז טאַקע נעבעך האָבען אַ „גרויסען" מחזור אויסצוסעטלען זיינע חשבונות מיט'ן רבש"ע...

דערפאַר האָב איך איבערגעגעבען דעם מחזור אינגאַנצען אין זיין רשות און אליין האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסען פאַר אַ ביסעל פרישע לופט. איך קום צוריק, קוקט עפּעס אויף מיר דער איד אַזוי מאָדנע, שמייכעלט און זאָגט מיר: „איהר ווייסט, מיסטער, עפּעס האָט איהר אַ מאָדנעם מחזור... נישט גענוג וואָס ער איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַזוי פיל תפילות, פאַלען דאָך פון איהם גאַנצע אוצרות"... און איידער איך כאַפּ זיך וואָס ער מיינט, ווייזט ער מיר, אַז בשעת ער האָט אויפגעמישט דעם „ונתנה תוקף", איז פון דעם מחזור אַרויסגעפאַלען אַ שפּאָגעל־נייע הגדה'לע צוזאַמען מיט אַ זיידענער יאַרמולקע... אַט פּונקט טאַקע ווי מיין ווייב האָט מיר נביאות געזאָגט לעצטען פּסח, אַז איך וועל דעם פאַרלאָרענעם אוצר געפינען דעם נעקסטען יום־כיפור...

בקיצור, איך קום אַהיים פון שוהל און ווייז מיין אידענע דעם געפונענעם אוצר, טו מיר אָן מיין זיידענע יאַרמולקעלע, און די נייע, „נישט־געזאָגטע" הגדה לייג איך מיר אַוועק אויפ'ן טיש און גיי מיר אַריין אין וואַש־צימער זיך וואַשען. ס'נעמט נישט קיין רגע, גיט מיך מיין פלונית'טע אַ רוף פון עס־צימער, און פרעגט מיר אַ קלאָר־קשיה: — „נו, זאָגט זי — און דעם אוצר וואָס ליגט אין דער הגדה האָסטו גאָרנישט געזעהן?"

— וואָס מיינסטו? — פרעג איך און איך פאַרשטיי ניט וואָס זי מיינט. ענט־פערט זי מיר איראָניש, מיט אַ שמייכל: — גערוואַטענער מיינער! דו האָסט דאָך געפונען אין דעם אוצר אייגע־וויקעלט נאָך אַן אוצר און דו ווייסט אפילו נישט פון דעם.

און איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט, ציינט זי מיר, אַז כמישענדיג דאָס הגדה־לע, האָט זי ביים הר־גדיא געפונען אונ־זער פאַרלוירענע כתובה... ווען איך האָב זי גענומען אויפ׳ן צימבעל וועגן דעם גאַנצן מייסמאַיש, און ווי לומט כתם אַ מהודר אויף אַ פסח׳דיגער פאַר־ליצע — האָט זי זיך פאַרענטפערט און אַליין גע׳חידוש׳ט: — מילא, די הגדה מיט דער יאַרמולקע, האָט זי מיר גע־געבן צו פאַרשטיין, האָט זי אפשר אין איילעניש פאַרשטעקט אין דעם מחזור און איהם על פי טעות ארויפגעלעגט אויף דער פסח׳דיגער פאַליצע. אָבער ווי אַזוי אונזער כתובה האָט געקענט פאַר־בלאָנדזשען צום חד־גדיא, איז פאַר אונז געבליבן אַ סוד ביז היינטיגען טאָג...

(מ׳פליט צו דער לבנה)

# „אַסטראָנאַטן"

זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו טומ־לען אויף אונדזער מישוגע׳נער וועלטל וועגן די אַסטראָנאַטן מיט די קינסטלעכע לבנה׳לעך, איז אין פלעמינגטאָן־פּאַרק גע־וואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש. בפּעל צייל האָט אָט די נייעס ווי אַ דונער גע־טראָפן די אידן פון דער שלוש־סעודות באַנק. אַזוי האָט מען אַ נאָמען געגעבן דער דאָזיקער באַנק, ווייל דאָ פאַרזאַמ־לען זיך מערסטנס אידן, וועלכע קומען אַהער נאָך שלוש סעודות, כאַפּן דאָ אַביסל אַ שמועס, דאַווענען אָפּ אַ מנחה־מעריב און יעדן חודש זיינען זיי דאָ מחדש די לבנה. זיי האָט אָט די נייעס אַזוי צעטומלט, אַז זיי ווייסן נעבעך ניט אין וואָס פאַר אַ וועלט זיי זיינען. אָט טומלט דאָ איין איד אויף די גאַר הויכע טענער:

„וואָס האָבן זיי זיך אַזוי צעקאַכטעוועט מיט זייערע לבנות?" וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת, אַז יעדעס לאַנד זאָל גאָר האָבן אירע אַן אייגענע לבנה? טויזנטער יאָרן האָבן מענטשן געוואוסט, אַז ס׳איז דאָ איין גאָט, איין הימל מיט איין לבנה. אידן האָבן געוואוסט אַז ס׳איז דאָ איין לבנה אויף מחדש צו זיין. היינט האָט מען דאָרטן אין די הימלען אָנגעמאַכט אַזאַ סימאַטאָכע, אַז אידן וועלן אפילו ניט וויסן וואָס פאַר אַ לבנה זיי זיינען מח־ש. אַז אמת׳ע „דזשעניואַין" לבנה צי אַ „נאָכגעמאַכטע"?...

„חוץ דעם — נעמט ער זיך צו שרייען נאָך אויף העכערע טענער — לאָמיר זיך פאַרשטעלן, אַז אונדזערע גרויסע חכמים וועלן זיך שוין טאַקע צושלאָגן צו דער לבנה און אַזעלכע ווי איך און אי־

וועלן שוין קאנען אין א שיינעם טאג כאפן א פלי אהין און דארט וועט אונדז מאקע איבקומען צו מחדש זיין די לבנה. נו, פרעג איך אייך? ווי אזוי אשטייגער קאן מען מחדש זיין א לבנה ווען מען שטייט אויף איר פון אויבן אויפן הימל און נישט פון אונטן אויף דער ערד?.. איך ווייס, אז דא אויף דער זינדיקער ערד ווייסן אידן, אז בשעת מ'זאגט די תפילות ביים מחדש זיין די לבנה, שטייען זיי מיט פאררריסענע קעפ צום הימל, שפּילען זיך אין דער שיינער לבנה און באוואונדערן דעם גאטס באשאף. נו, היינט שטעלט אייך פאר וואס פאר א טעם דאס וועט האבן ווען מיר וועלן שטיין, נישט אויף דער ערד, נאר פון אויבן, אויף אן „איבערגעקערטער" לבנה, און איר וועט אפילו נישט קאנען זען וואס פארא פנים זי האט..." „ביי מיר", זאגט ער, „הייסט דאס געשטאנען מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף"...

א צווייטער איד מישט זיך אריין און זאגט: „מילא מחדש זיין די לבנה, בין איך אייך מוחל. די לבנה וועט זיך נישט אפשטעלן חלילה, צי איר וועט זי יא מחדש זיין צי נישט. איך זארג זיך, זאגט ער, וועגן אן אנדער זאך. וואס וועלן דארטן טאן אזוינע אידן ווי איך און איר? איך מיין די רעטאיערטע סיניאר סיטיזנס, וועלכע לעבן אויף באשל־סעקיורעטי?...

דערביי, בארימט ער זיך פאר מיר, אז ער האט ב"ה זייער גוטע קינדער. ווען ער האט רעטייערט און איז נישט פאר קיינעם געדאכט, געבליבן אן אלמן, האבן אים זיינע קינדער געזאגט: „פאפא! איצט איז געקומען די צייט זאלסט זיך נעמען 'איזי'. קענסט איצט אוועקפארן וואו דו ווילסט, וואו דיין הארץ גלוסט. אז עס וועט דיר אויספעלן א פאר דאלער, וועלן מיר דיר צושיקן וואו דו זאלסט נישט זיין. קאנסט פארן קיין פלארידא, קיין אריזאנא, קיין קאליפארניע. קאנסט אפילו פארן קיין ישראל — אבי קום נישט צוריק... נו, פארשטייט זיך דאך, ווען איך גיב זיי א פיפטי אז איך וויל זיך באזעצן אויף דער לבנה, וואלטן זיי מסכים געווען א הונדערט פראצענט..." איצט איז די פראגע, זאגט ער, ווי קומט די קאין איבערן וואסער? ערשטנס, וועט דינ־פליען אהין מסתם קאסטן מער ווי איך פארמאג. צווייטנס, ווען ס'קומט דער ווינטער און מיינע קינדער זיינען נישט אזוי פארביזיוועט, כאפן זיי זיך נאך אמאל ארונטער אהער קיין מיאמי ביטש געוואויר ווערן וואס דער טאטע טוט און מען שטופט טאקע אונטער א פאר דאלער אויך. אבער מאכן א ספעשל טריפ צו דער לבנה? ווייס איך וואס. ווי וועלן זיי זיך קאנען אפרייכן פון זייערע ביזנעס? נו, און וועגן שיקן אהין א טשעקל איז דאך שוין אוודאי אפגערעדט. פאלגט מיך א גאנג: גיי שיק טשעקס אויף אן אדרעס וואו עס איז נאך אפילו נישטא קיין פאסט־אפיס"...

— און וואס זאגט איר, וועט טאקע זיין מיט אנקל סעם'ס באשל־סעקיורעטי טשעקלעך? ביז איר וועט קריגן דארטן אויבן הימל אייער טשעקל קאן אייך ארויס די נשמה ווארטנדיק פאר דעם... און וואס, פרעגט ער, וועט זיך אויסלאזן מיט אונדזער „מעדיקעיר"? ווען מיר אלע, סיניאר סיטיזנס, וועלן זיך באזעצן אויף דער לבנה, טא ווער וועט „פאייטן" פאר דעם ביל אין וואשינגטאן...

— אגב — זאגט ער מיר — ווי איר קוקט מיך אן, כאטש איך האב שוין איבערגעשפאנט דעם ציפער 70 איז, „בעליוו־איט־אר־נאט", שדכ'ענען זיך צו מיר א פאר אלמנות וואס מיט איינע פון די האלט זיך אט־אט ביים אויספיקן א שידוך... נו, פארשטייט איר דאך, אז

* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * *

קיין אלמנות אויף דער לבנה זיצן דאָרטן פאַר אייך ניט צוגעגרייט. בלייבט ניט קיין אַנדער ברירה ווי שטעלן אַ חופּה דאָ, אין מיאַמי ביטש, און אַוועקפליען מיט איר אין די הויכע הימלען פאַרן „האָניימון" (האָב וואָלט טאַקע געהייסן אַן אמת'ער „דזשענויאין" האָניימון: מיטנעמען די האָני צו דער מון...) איז שטעלט זיך אַ האַרבע קשיא? ווי אַזוי וועט מען דאָרטן איינשטעלן די געזעצן פון „סעפּעריישאָן", „אַנאַלמענט", גט'ן א. א. וו. דאָ, אין מיאַמי־ביטש, אַז איר טרעפט ניט מיטן שידוך, קאָן מען אָפּשניידן אַ פּאָלע איינס און צוויי. דאָרטן, ווער ווייסט? איר קאָנט מיטברענגען אַהין אַ צרה — אַ שלאָק, זיך האַלטן מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס ביז משיח וועט קומען...

אַ דריטער איד מישט זיך אַריין און גיט זיך אַזוי אַ זאָג: „איר רעדט פון לבנות? און וואָס הערט זיך עפּעס וועגן די „קאָמבוירשל ראַקעט־פּליענב"? 800 מייל אַ שטונדע, 1,000 מייל אַ שעה, פּיף־פּאַף! מען לויפט, מען פליט: וואָס לויפט איר? וואָס פליט איר? וואָס האָט איר קיין צייט ניט? די באָד ברענט?.. ב'א כבוד, זאָגט ער, אַז מ'אַרבעט שוין אויף אַזאַ מין ראַקעט מ'זאָל קאָנען אַרויפשיסן איינעם גלייך צו דער לבנה. איך זאָג אייך, אַז די וואָס האָבן אויסגעטראַכט אַזאַ מין מאַכערייקע, דאַרף מען זיי אַליין אַרויפשיקן צו דער לבנה, זאָלן זיי דאָרטן לעבן אין עושר און אין כבוד געזונטערהייט, אפילו ביז משיח וועט קומען... וואָרים, איך פרעג אייך: וועלכער צעדרייטער וועט דאָס וועלן מען זאָל מיט אים מאַכן אַזאַ מין פּראָבע? מען וועט דאָך דאַרפן אַ משוגענעם אויסקלייבן און אים אַריינשרייבן".

אין איד שלאָגט אים איבער אינמיטן און גיט אַ זאָג בלומרשט אין שפּאַס: „מיין אידענע גלייכט צו פליען... ביי איר פליען אין אַן עראָפּלאַן, איז אַזוי ווי גיין צום טאַנץ... דאָס גיט ער, הייסט דאָס, דעם אידן אַ האַפּולע אַנצוהערעניש אַז ער איז גרייט „מקריב" צו זיין זיך פאַר דער ווייבנשאַפט, און מיט זיין דערלויבעניש קאָנען זיי מאַכן די ערשטע פּראָבע מיט זיין אידענע... אַן אַנדער איד מישט זיך אַריין און זאָגט צו אים: „אייך איז ניט, אייער אידענע גלייכט צו פליען, הלוואי אויף מיינער געזאָגט געוואָרן. מיינע, זאָגט ער, וועט ניט פליען אין אַן עראָפּלאַן ווען איר גילדט זי אָפּ. איך בין, זאָגט ער, מיט איר איינמאָל געפלויגן קיין פלאָרידאַ, האָב איך געמוזט בייטן די טיקעטס אויף צוריק מיט דער טרעין. מיינט איר דאָך אפשר, ווייל זי האָט מורא צו פליען? האָט איר דווקא ניט געטראָפן. זי וויל ניט פליען, זאָגט זי, דערפאַר, ווייל אויף אַן עראָפּלאַן האָט זי ניט אַזוי פיל צייט צו ריידן ווי אויף אַ טרעין. אין אַן עראָפּלאַן, זאָגט זי, גיט מען זיך אַ דריי אַהין־אַהער און ביז וואָס־ווען איז מען שוין אין פלאָרידע און מ'קאָן קיין וואָרט ניט אַרויסריידן...

זעט איר, מיט דער טרעין, זאָגט ער, איז שוין גאָר אַן אַנדער מין געשיכטע. די רייזע נעמט אייך וואָסערע 25 שטונדן און אַמאָל, אַז די טרעין פאַרשפּעטיקט זיך, איז דאָך אוודאי גוט... ווייל איר פאַרשטייט דאָך, אַז אַלץ וואָס ס'קלייבט זיך אָן ביי איר אויפן האַרצן זומער, גיט זי דאָס מיר אָפּ ווינטער אויף דער טרעין פאָרענדיג קיין פלאָרידע. אין דער טרעין, אַז זי דאַרף זיך אַמאָל צולאָזן אויף די הויכע טענער און עס פּאַסט ניט פאַר קיין מענטשן, האָט זי דערצו אַ גוטע עצה. זי נעמט מיך אַרויס אויף אַ באַזונדער פּלאַטפאָרמע. די טרעין קלאַפּט, רוישט און פייפט מ·בייט ביז טויב צו ווערן. אין דאָרטע אונטער פיר אויגן, שרייט זי מיר אריי...

# לאכט: אונזערע שונאים אויף צו-"לאב"-עס

אַליין אין אויער און גיט מיר אַפּ מיין חלק, וואס זי האט מיטגענומען פון ניו יארק. און לאמיר אייך זאגן, אז איך פלאַן אַרבעט אויסגעצייכענט. אין דער היים וואלט זי דאס קיינמאל ניט געקאנט אויפטאן. ווייל אין דער היים, אז אַ ווייב צע'דבר'ט זיך אַזוי, האט איר אַ ברירה זיך אַרויסצוכאַפּן פון הויז. אַוועקגעהן אין שוויץ־באָד אָדער סתם אַוועקגעהן ערגעץ צו אַלדע רוחות. דאַ אין טרעין, בלייבט אייך איין ברירה: אויסהערען זי פון אָנהויב ביז'ן סוף. סיידען איר מאַכט ביי זיך אָפּ אַרונטער־צואַוואַרפן זיך פון דער טרעין...

איין איד צווישען עולם, וועלכער קוקט אויס נישקשה'דיג טויב, ווייל ער טראָגט צוויי האָרד־אַפּאַראַטלעך אין ביידע אויערן, קוקט ער אויפ'ן אידעל

שמייכעלט, גלעט זיך דאס בייכעלע אזוי מיט נצחון און זאגט: „זעט איר, ביי מיר איז שוין די מעשה דוקא אַ פאַר קערטע. איך באַדאַרף ניט אַוועק פון הויז. איך דאַרף ניט געהן אין קיין שוויץ־באַד, ס'וואַלט מיך אפילו ניט געאַרט צו פאָרען מיט איר אין טרעין אַזש קיין קאַליפאָרניע...

ווען מיינע צעלאַזט זיך מיט איר מענה לשון, איז אַלץ וואס איך טו: איך נעם אַרויס מיינע „אַפּאַראַטלעך" פון ביידע אויערען און איך ווייז איר אַז אויפ'ן לאַמפּ, אויפ'ן וואַנט־זייגער... רעד צום לאַמפּ, רעד צום זייגער, מיך אַרט דאס ווי דער פאַראַיאָריגער שניי..." אַז מע שמועסט דער רבי'ש'ע שיקט צו אַ רפואה צו יעדער מכה, איז דאַך ניט שייך...




איך ווייס ניט פאַרוואס מענטשן יאָגן זיך, פליען אַזש קיין פלאָרידאַ, צוליב אָפּברענען זיך אַביסל אויף דער זון, ווען זיי קענען אָט דעם ביסל פאַרגעניגן קריגן דאָ ממש אונטערן נאָז. איך מיין טאַקע לעיקוואוד, מיין איך... און ווי איר קוקט מיך אָן אַן „אַפּגעסמאַליעטן", מיינט איר דאָך אוודאי אַז איך קום ערשט פון די וואַרימע מקומות? מאַכט איר מחילה אַ טעות. איך קענט אין לעיקוואוד זיך אָפּברענען פונקט ווי אין פלאָרידאַ, נאָך אפשר מער. איר דאַרפט נאָר וויסן דעם „סקים" ווי אַזוי אַרייַנצוכאַפּן אַביסעלע זון. איר פאַרשטייט דאָך, אַז דאָ, אין לעיקוואוד קומט ניט די זון צו אייך אַנקלאַפּן אין פענסטער

אַזוי ווי אין מיאַמי ביטש. דאָ דאַרפט איר די זון, אַזוי צו זאָגן, אַרייַננאַרן אַ זיך אין זאַק אַרייַן...

איר ווייסט דאָך, אַז אין אַמעריקע איז אויף יעדער זאַך דאָ אַ פּאַטענט. אַט ווייסן מיר, למשל, אַז אונזערע געלערנטע ברעכן זיך שוין דעם קאָפּ אויף אַ פּאַטענט, ווי אַזוי מען קען זיך צושלאָגן צו דער לבנה. נו, צי זיי וועלן זיך אַמאָל אַז עפּעס דערטראַכטן, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז דאָ אין לעיקוואוד האָבן זיך מענטשן דערטראַכט צו אַזאַ מין פּאַטענט, וואס איר קענט שעפּן די זון מיט פולע „זשמעניעס"... איר דאַרפט דאָ נאָר אײַנהאַנדלען פאַר זיך אַ „רעפּ־לעקטאָר", דאס איז אַזאַ מין מאַכערייַ

קע, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון פשוטע דריי ברעטלאך, ד. ה. פון זייטיקע ווענטלאך מיט א דנא. דער אויבערשטער טייל פון דעם דנא איז באזילבערט מיט אזא כעמישן שטאף, וועלכער גלאנצט ווי א שפיגל. מען טשעפעט צו אט די מאכערייקע צום האלדז, מען שטעקט אריין דאס פנים ווי אין א „כאמיט" צווישן די צוויי זייטיקע ווענטלאך, איר ליגט זיך אויס אויפן פארטש ווי ביים טאטן אין וויינגארטן, איר וויקלט זיך ארום מיט א פאר ווארימע קאלדרעס, און אז דער אויבערשטער העלפט און לאזט ארויס די זון פון איר פוטערפאס, האט איר זיך שוין ניט וואס צו זארגן. די זון שפיגלט זיך אפ אויף אייער „רעפלעקטאר", די שטראלן פון דער זון פאלן גלייך אויף אייער פנים, דאן פארגעסט איר אינגאנצן, אז איר זענט אין לעיקוואוד און איר מיינט באמת, אז איר געפינט זיך אין מיאמי־ביטש...

פארשטייט זיך, אז דער פאטענט, ווי יעדער נייער פאטענט, האט זיך זיינע מעלות מיט זיינע חסרונות. עס האט א מעלה וואס איר קענט זיצן אויפן פארטש ארומגערינגלט מיט אייערע שכנים, הערן מעשות און וויצן, פון וועלכע א קאזאק קען אפילו רויט ווערן, און איר וועט אפילו ניט וויסן ווער ס'איז דער דערציילער. ווייל אייער פנים איז איינגעגראבן טיף אין דעם „כאמוט", די אויגן פארשטעלט מיט די פאר ווענטלאך, און איר קענט אין אלגעמיין ניט זען וואס פאר א נארישקייטן עס ווערן אפגעטאן הינטער אייערע פלייצעס... ס'האט אבער אויך א חסרון וואס די זון דרייט זיך און שטייט ניט אויף איין ארט. אט די אלע גרויסע חכמים וואס האבן אויסגעטראכט אז די ערד דרייט זיך ארום דער זון איז ניט ווערט קיין שמעק טאבאק...

זאלן זיי זיך אריבערכאפן אהער קיין לעיקוואוד, וועלן זיי זיך איבערצייגן, אז זייער חשבון שטימט ניט. אט גיט זי אויף אייך א שיין און איר מיינט, אז איר האט זי שוין געפאקט ביי זיך אין „כאמוט", און אט פלוצים שטעקט זי אייך ארויס א צונג, גיט זיך א דריי אוועק אויף דער לינקער זייט, צום צווייטן האטעל, וואו א כאפטע געסט, אנגעטאן אין זייערע „כאמוטעס", איינגעוויקלט אין זייערע קאלדרעס זיצן שוין אנגעגרייט און ווארטן אויף איר אזוי ווי אויף משיח'ן...

איך בין אבער א איד וועלכער לאזט זיך ניט שפייען אין דער קאשע. די זון דרייט זיך אוועק פון מיר, לויף איך נאך נאך איר, און אט אזוי ווי איר זעט, דעם גאנצן טאג, ביז די זון זעצט זיך, לויף איך אזוי ארום מיטן „כאמוט" אויפן האלדז פון איין האטעל צום צווייטן. איך לאז זי ניט אפ אויף קיין איין מינוט, און איר זעט דאך, אז איך האב זיך ניט כ"ה אויף וואס צו באקלאגן. איך ווייס, איר וועט מיר שטעלן א הארבע קשיה: מילא די זון ווי די זון, און וואס הערט זיך עפעס וועגן די דאגרעיסעס? וועל איך אייך ענטפערן: אין וועלכן ספר שטייט דאס געשריבן אז מען מוז זיך וועטן דווקא אויף הינט, און קאטשקעס אויפן וואסער טויג ניט?... איר לאכט, הא? כאפט זשע זיך זייט מוחל, אריבער קיין לעיקוואוד, וועט איר זען, אויב ס'איז אייך באשערט צו געווינען אדער באגראבן א פאר דאלאר, קענט איר דאס אויספירן פונקט ווי אין דער זוניקער פלארידא..

דאס שטעטל פארשטייט איר מיך, פארמאגט דא א לעיק, איז דאס בארימט איבער אלע שטעטלאך ארום. אמאל איז אט דער לעיק געווען דער זאמלפונקט וואו אידן פלעגן דא „הייזן" פארשידענע



וועלט־פּראָבלעמען... איצט איז דער פּלאַץ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין ,,וואַסער־טרעק'', און עס קאַכט דאָרטן ווי אין אַ קעסל. איר קענט דאָ איצט טרעפן אידן מכל המינים: אידן מיט בערד, אידן אָן בערד, אידן מיט קורצע קאַפּאָטעס און אידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, אידן אָן יאַרמולקעס און אידן מיט יאַרמולקעס, אַלע אַלע וועטן זיך אויף ,,רעיסעס'' פּונקט ווי אין פלאָרידאַ. דער חילוק איז נאָר, וואָס אין פלאָרידאַ ווערט די ,,געים'' געשפּילט אויף הינט, און דאָ איז די שפּיל מיט קאַטשקעס אויפן וואַסער... ווי איך האָב זיך דערוואוסט פון אַ היגן תושב, האָבן די פּאָר קאַטשקעס דאָ אויפן לעיק די חזקה, ווי זאָגט מען, נאָך פון ששת ימי בראשית. און אָנגעהויבן האָט זיך אָט די טשיקאַווע שפּיל מיט אַ גאַנץ אומשולדיקן שפּאַס.

דאָס ,,קאַטשקע פאַרפאַלק'' איז זיך איינמאָל אַזוי געמיטלעך אַרומגעשוואומען איבערן וואַסער, און אַ פּאָר קינדער האָט זיך פאַרגלוסט מיט זיי אַביסעלע אַ שפּיל צו טאָן, און האָבן זיי צוגעוואָרפן אַ פּאָר ברעקלאַך. די קאַטשקעס האָבן זיך ראַפּטום אַ לאָז געטאָן צום ברעג. גראָד זיינען דערביי געזעסן אַ פּאָר אידן, און איינער האָט אַ זאָג געטאָן צום צווייטן:

,,די בחור'טע קען גוט לייגן קלאַפּטער''... ,,קלאַפּטער־שמאַפּטער'' ענטפערט דער צווייטער. ,,זי דאַרף זיך גוט אונטערגאַרטלען אויף איבעצויאָגן דעם בחור''... און אָט אַזוי אַמפּערנדיק צווישן זיך, האָבן זיי זיך דערוויל געוועט, וועלכע פון זיי וועט פריער צושווימען צום ברעג. איין איד, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ חוש פאַר ,,ביזנעס'' און האָט דאָס אַליין צוגעזען, האָט אויף מאָרגן שוין אַליין צוגעוואָרפן ברעקלאַך פאַר די קאַטשקעס, און ער האָט אָנגענומען ,,בעטס'' פּונקט ווי אין אמתער ,,בוקי''... דעם ,,ער'' האָט ער אַ נאָמען געגעבן ,,מזל'', און די ,,זי'' האָט ער געקרוינט מיטן נאָמען ,,ברכה''. און פון דאַן אָן האַלט מען דאָ אַז די ,,געוועטן'' אויף מזל־ברכה, אַז ס'גייט אַזש אַ רויך...

אַנומלט האָט דאָ ביי די רעיסעס פּאַסירט אַ טשיקאַווע געשיכטע־וואָס אַזוינס וואָלט ניט געקענט טרעפן אפילו ביי די דאָג־רעיסעס אין פלאָרידאַ. איינער פון די געסט אין האָטעל האָט געוואָלט מאַכן זיין אידענע אַ סורפּרייז, קומענדיק צו איר פּלוצלינג ניט לאָזנדיק איר וויסן אין פּאָראויס... און אַ שיינעם נאָכמיטיק, ניט טרעפנדיק איר אין האָטעל, איז ער גלייך אַוועק צום טייך ביי די רעיסעס... פון דער ווייטנס, צווישן אַ רעדל ווייבער, מיט זייערע ,,רעפלעקטאָרס'' אויף זייערע העלדזער, האָט ער גלייך דערקענט זיין אידענע נאָך דער טערקישער פּאַטשיילע, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ. בגנבה האָט ער זיך צוגעשאַרט צו איר הינטן אַרום, האָט איר פאַרשטעלט די אויגן מיט ביידע הענט, האָט איר אָפּגעפּרעסט אַ פּאָר הייסע קושן אויף די באַקן טאַקע נאָר ווי איינער, וועלכער זוכט סורפּרייזן זיין ווייב... ערשט ווען זי האָט געגעבן אַ קוויטש ווי אַן אָפּגעבריטע — אַ קוויטש וואָס האָט אפילו דערשראָקן די קאַטשקעס אויפן וואַסער, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז משמעות, איז זיין ווייב ניט די איינציקע, וועלכע טראָגט אַ טערקישע פּאַטשיילע... אויף זיין שלימזל האָט די פּוילישע שיקסע פון דעם זעלבן האָטעל געטראָגן פּונקט אַזאַ פּאַטשיילע ווי זיין אידענע... אָט דאָס ווי איר זעט, הייסט אָפּגעבאַן אויף טערקיש...

נו, פרעג איך אייך: וואָלט אַזוינס געקענט פּאַסירן אפילו אין פלאָרידאַ ביי די ,,דאָג־רעיסעס?''

ש. וועקסלער




# א גאָלדענע באָלעבאָסטע...

איצט, ווען דער קאַמפּיין פאַרן פּרעזידענט עלעקשאָן איז אין פולן ברען און אַלע פּרואוון טרעפן ווער ס'וועט זיין ראוי צום כסא־המלכות, וועל איך מיר דערלויבן צו זאָגן, אַז אַלע זייערע נביאות זאָגעריי זיינען ניט ווערט קיין שמעק־טאַבאַק. איך זאָג, אַז דער אויסגאַנג פון דעם עלעקשאָן ליגט ניט אין אייערע הענט, ניט אין מיינע און ניט אפילו אין די הענט פון די קאַנדידאַטן גופא; נאָר דווקא אין די הענט פון אונדזערע ווייבער... עס ווענדט זיך נאָר, מיט וואָס פאַרא סטראַטעגיע די קאַנדידאַטן וועלן אַרויסקומען צו נושא־חן זיין ביי זיי אין דעם היינטיקן קאַמפּיין.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדער קאַנדידאַט באַזונדער האַלט נאָך בסוד זיין אייגענעם „סקים”, מיט וואָס ער זאָל אויסנעמען מער ווי זיין קעגנער. אָט ווייסן מיר, למשל, אַז אין ראָקעפעלערס עלעקשאָן פאַר גאָווערנאָר, האָבן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע „קנישעס מיט בלינצעס”, וואָס ער פלעגט עסן כמעט אַלע טאָג איידער ער איז עלעקטעד געוואָרן...

עס קאָן זייער מעגלעך זיין אַז איצט וועלן זיי זיך קאָנצענטרירן מער אויף פליישיקס ווי אויף מילכיקס... מיר וועלן ניט זיין איבערראַשט אַז ביים היינטיקן עלעקשאָן וועלן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אַזוינע אידישע מאכלים ווי געפילטע קישקע, פליישיקע קרעפּלעך, גולאַש, געהאַקטע לעבער, רעטעך מיט שמאַלץ און אַזוי ווייטער.

איך רעד דאָס אַליין פון דערפאַרונג: ווייל מיט ראָקעפעלערס גאָווערנאָר־עלעקשאָן בין איך אַ שטיקל שני־שבשלישי. מען קאָן זאָגן, אַז ווען ניט מיין אידענע, מיט נאָך אַזוינע ווייבער ווי זי איז, וואָלט ער קיינמאָל ניט עלעקטעד געוואָרן פאַר גאָווערנאָר און ער וואָלט שוין, במילא, איצט קיין חשק ניט געהאַט צו לויפן פאַר פּרעזידענט...

אָט די מעשה האָט געטראָפן מיט עטלעכע יאָר צוריק. טאַקע אין דער צייט ווען ער איז געלאָפן פאַר גאָווערנאָר. דאָן האָט ער נאָך געלעבט מיט זיין אַמאָליקער אידענע און ער האָט נאָך מסתם אפילו ניט גע'חלומ'ט זיך צו גט'ן מיט איר און חתונה האָבן מיט אַ יונג ווייבל, וועלכע וועט אים נאָך אי"ה ברענגען אַ בן־זקונים'ל אויף דער עלטער... איך האָב פון יענעם עלעקשאָן געהאַט אויסצושטיין אַ סך עגמת־נפש, מיט גריזאָטע... מיינט איר דאָך אפשר, ווייל איך בין אַ דעמאָקראַט און מיין ווייב איז אַ רעפּובליקאַנערין? האָט איר דווקא ניט געטראָפן. דער גאַנצער טראָבל האָט זיך ביי אונדז גענומען גאָר איבער מילכיקס מיט פליישיקס... איאָ, איר לאַכט, האַ? איר מעגט דאָס הערן:

איך, ווי איר קוקט מיך אָן, שטאַם איך פון אַ פליישיקער משפחה. אַ משפחה פון גאַלע שוחטים, בוטשאַרעס, פליישיקע רעסטאָראַנס, דעליקאַטעסן סטאָרס: מיט איין וואָרט — אַ משפחה וואָס האָט זיך פשוט געבאָדן אין שמאַלץ. זי, מיין אידענע, פאַרקערט: זי שטאַמט פון אַ מילכיקער משפחה, וועלכע האָט זיך פשוט געפּרעגלט אין פּוטער... נאָך איידער מיר זיינען געגאַנגען צו דער חופה, האָט מען מיך געוואָרנט אַז פון פליישיקס מיט מילכיקס קאָן גאָר קיין גוטס ניט אַרויסקומען. נאָר איר ווייסט דאָך מסתם, אַז ליבע ווייסט ניט פון קיין חכמות. מיר האָבן געשטעלט אַ חופה, און ערשט נאָך דער חתונה האָב איך זיך איבערציינגט, אַז מילכיקס מיט פליישיקס פּאַסט זיך ווי אַן אַרבעס צום וואַנט...

★★★★★★★★★★★★★★★★

ווען מיך האָט געצווינגן צו א פעטן דאָ־
בול־פּלייט, צו א געשמאַקן ציבעלע־סטעיק
אָדער צו א שטיקל געפילטער קישקע,
פלעגט זי מיך דווקא שטאָפּן מיט אירע
מילכיקע מאכלים. און בין אָבער א איד
וואָס לאָז זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע.
אַז זי פלעגט זיך אַמאָל צעלאָזן צו פּיל
מיט אירע מילכיקע פּאָטראַוועס, פלעג
איך זי א סטראַשע טאָן, אַז איך וועל זיך
לאָזן וואוילגיין מיט א ציבעלע סטעיק
אין א פליישיקן רעסטאָראַן און דאָס
וועט מאַכן א „לאָך אין דער פּעידע"...
דאַן פלעגט זי ווערן אַביסעלע ווייכער
און מיר צוואַרפן א פליישיק ביינדל...

בקיצור, ווען ס'האָט זיך דאַן אָנגעהוי־
בען צו טומלען מיטן גאָווערנאָר עלעק־
שאַן, איז מיין אידענע באַלד אַריבער
אויף זיין צד. ערשטנס, — האָט זי גע־
טענה'ט — אַז פאַר זיין שמייכל אַליין,
איז ער באַרעכטיקט עלעקטעד צו ווערן..
צווייטנס, איז ער א גרויסער בעל־צדקה
און קומט פון א משפּחה וואָס א דאָלער
איז ביי זיי א ממזר און געלט איז ביי זיי,
ווי מ'זאָגט: „נאַפּליעוואַט"... אָט, למשל,
האָט זיינער א ברודער געוואָלט פּטור ווע־
רען פון זיין אידענע, האָט ער איר צוגע־
וואָרפן א פינף מיליאָניטשקעלעך פאַרן
גט און האָט זיך אפילו ניט פאַרקרימט...
„אָט דאָס, האָט זי דאַן גע'טענה'ט, הייסט
ביי מיר א גט!" וואוהען, זאָגט זי, ביי
אַזאַ שלימזל ווי דו ביסט קאָן מען עפּעס
אַרויסקריגן? ביי דיר אַרויסקריגן א גט,
וואָלסטו נאָך געוואָלט מען זאָל דיר צו
צאָלן"...

בקיצור, אין א שיינעם טאָג, אינמיטן
ברען פון דעם עלעקשאַן, קום איך איינ־
מאָל אהיים פון דער אַרבעט און טרעף
מיין אידענע ביים אויוון, א פאַרפּלאָמטע
א פאַרפּאַליעוועטע, דער גאַנצער טייט
איז ביי איר פאַרלייגט מיט בלינצעס;
אין דער הייסער סקאַווראָדע שווימען
ביי איר אָרום בלינצעס און פּרעגלען זיך
אין פּוטער, און זי פּרעגלט זיך פון נחת...

איך גיב זי א פרעג: „וואָס איז מיט דיר
עפּעס היינט פאַר א שמחה? אונזער
בהמה האָט זיך אָפּגעקעלבט, צי אונזער
ציג האָט זיך אָפּגעציגלט; צי אפשר
האָב איך זיך גאָר פאַרפּלאָנטערט אין
חשבון און ס'איז היינט ערב שבועות?"
קוקט זי מיך אָן, אַזוי פאַר'חידוש'ט,
און פרעגט מיך: „וואָס? האָסט נאָך
היינט ניט געלעזן אין די פּייפּערס?"
„איך האָב שוין, זאָגט זי, געהערט די
נייעס אויפן ראַדיאָ און אפילו געזען
אויפן טעלעוויזשאַן, אַז ראָקעפעלער האָט
היינט געגעסן בלינצעס אויף דילענסי
סט. אין א אידישן רעסטאָראַן..." נו,
פרעג איך זי, איז באַשר־בכן? וואָס זשע
איז דאָס פאַר א משל? און אַז ראָקעפע־
לערן וועט זיך מאָרגן פאַרגלוסטן צו עסן
קרעפּלעך מיט וואַרעניקעס, מוז איך דאָס
אויך עסן?...

בקיצור, א וואָרט פאַר א וואָרט. איך
שריי, איך וויל פלייש און זי גיט זיך
ניט אונטער און טענה'ט איהם: „ראָקע־
פעלער, זאָגט זי, איז אַביסל א גרעסערער
מיוחס פון דיר. פונדעסטוועגן, אַז אים
שטייט אָן צו עסן בלינצעס אינדערהיים,
מעג דאָס דיר אויך אָנשטיין... וואָס טויג
אייך חכמות, זי האָט זיך אַזוי צעבלינ־
צעט די גאַנצע וואָך, ניט אויף קיין
קאַטאָוועס. ראָקעפעלער האָט אַלע טאָג
געגעסן בלינצעס אויף דילענסי סטריט,
און איך האָב זיך געמוזט קוויקן מיט זיי
ביי מיר אינדערהיים...

איך האָב דערזען, אַז ס'איז א מעשה
אָן אַן עק, האָב איך איר געשטעלט אַן
אולטימאַטום: אָדער זי הערט אויף צו
מאַכן בלינצעס, א ניט גיי איך אַוועק פון
דער אַרבעט גלייך אין א פליישיקן רעסט־
טאָראַן. זי האָט, ווייזט אויס, זיך גע־
כאַפּט, אַז זי האָט אַביסעלע איבערגע־
צויגן דאָס שטריקל, האָט זי זיך אונ־
טערגעגעבן און האָט מיר ענדלעך צוגע־
זאָגט, אַז דעם נעקסטן טאָג, דאָס הייסט,
נאָכן עלעקשאַן־דעי, וועט זי מיר צוגרייטן

טען אַ סטעיק, אַז אַזוינס האָב איך נאָך ביי איר ניט געגעסן זינט מיר האָבן חתונה געהאַט... פאַרשטייט איר דאָך אַז דעם גאַנצן טאָג האָב איך מיך געפילט אַזוי יום־טוב׳דיק, אַז גייענדיק אַהיים האָב איך שוין איינגעהאַנדלט אַ פּאָר קענדעלעך ביר. איין קלייניקייט! אַ כפּרה אַלע מילכיקע מאכלים פאַר איין ציבעלע סטעיק מיט אַ גלעזל ביר.

אַריינקומענדיק אין האָל, האָט מיר דער ריח פון דעם סטעיק געגעבן אַ זעץ אין נאָז אַריין, אַז די סלינע איז מיר אַנשגערונען פון מויל... איך עפן די טיר, און גיב איר אַ קאָמפּלימענט אַז איר סטעיק פאַרשמעקט דאָס גאַנצע הויז, שטעלט זי אָן אויף מיר אַן אומשולדיקן רחמנות פּנים און ענטפערט מיר: „דו מאַכסט אַ טעות. דער סטעיק שמעקט מסתמא ביי אונדזערער אַ שכנה, ניט ביי מיר. ס׳איז דיר באַשערט, זאָגט זי, צו עסן היינט נאָכאַמאָל בלינצעס״...

דאָ בין איך שוין אַרויס אינגאַנצן פון די כלים. ס׳האָט מיך ניט אַזוי פאַרדראָסן די בלינצעס, נאָר ממה־נפשך: זאָגסטו צו ענטס אַ סטעיק, וואָס זשע מאַכסטו פון דיין מויל אַ כאַליעווע? און איך האָב איר אָנגעהויבן צו דערלאַנגען דעם ריכטיקן פּסק. שלאָגט זי מיר איבער איג־מיטן און נעמט זיך אויך אויף די הויכע כענער: „שאַ־שאַ! וואָס טומלסטו? וואָס געוואַלדעוועסטו? קוקין אים נאָר אָן. וואָס, זאָגט זי, פרעגסטו מיך ניט פאַר וואָס איך האָב געמאַכט די בלינצעס? אפשר האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה און איך האָב געמוזט מאַכן בלינצעס! ביי אַן אַנדער באַלעבאָסטע, זאָגט זי מיר, וואָלסטו דאָס אויך ניט געהאַט״...

און זי דערציילט מיר אַ גאַנצע מעשה: אַז גייענדיק אַהיים פון דעם בוטשער מיטן סטעיק, האָט זי שוין, אין איין גאַנג, איינגעהאַנדלט אַביסל מילכיקס מיט אַ דאָזן אייער. און אַריינשטעקנדיק דעם שליסל אין טיר, האָט זיך דאָס באַקסל אייער אַרויסגעגליטשט ביי איר פון האַנט און אַלע אייער האָבן זיך צעבראָכן. ניט געבליבן אפילו איין איין קיין גאַנצע... איז זי באַלד געפאַלן אויף אַ זייער קלוגער המצאה: אַז די קליגסטע זאַך צו אַפּראַטעווען די צעבראָכענע ביצים, איז מאַכן פון זיי בלינצעס... האָט זי גלייך אַ כאַפּ געטאָן אַביסל מעל און איינס און צוויי זיינען ביי איר פאַרטיק געוואָרן אַזוי פיל בלינצעס אַז ס׳האָט געקאָנט קלעקן פאַר מיר מיט ראָקעפעלערן צוזאַמען פאַר אַ גאַנצער וואָך... אַז מ׳זאָגט אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע איז דאָך ניט שייך...



# ווי אַזוי איך האָב אָפּגענאַרט אַ „בעלעמער" לענדלאָרד...

זינט איך וואוין דאָ אין מיאַמי־ביטש, האָב איך געהאַט צו טאָן מיט פאַרשיידענע לענדלאָרדס: גוטע, שלעכטע, פּעיקערס, בלאָפערס און סתם פּאַסקודניאַקעס. נאָר איינעם פון מיינע ערשטע לענדלאָרדס קען איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ער איז געווען געבענטשט מיט אָט די אַלע מעלות נאָך מיט אַ סמיטשיק, אַזוי צו זאָגן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען איך מיט מיין ווייבל זיינען געקומען אַהער אין דעם וואַרעמען גן־עדן פאַר אַ שטיקל וואַקיישאָן. געקומען זיינען מיר אינמיטן ברען פון דעם סעזאָן. איך דאַרף דאָך אייך ניט דערציילן וואָס עס טוט זיך דאַן אָפּ אין מיאַמי־ביטש. ווען איך האָב זיך באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל מיט מיין לענדלאָרד, האָט ער, ווייזט אויס, באַלד דערשמעקט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גרינעם. אין מיינע אויגן האָט ער דווקא אויסגעקוקט ווי אַ ליטיש מענטשל. גערעדט האָט ער צו אונז מיט אַ צוקער־זיס שמייכעלע, האָט זיך צוגעלאָזן צו אונז און האָט געגעבן מיין ווייבל אַ פּאָר שיינע קאָמפּלימענטן, אַז דער קאָפּ האָט זיך איר אַזש פאַרדרייט. איך האָב אים אַזוי פאַרבייגייענדיק אַ פרעג געטאָן: פון וואַנען זענט איר אַ לאַנדסמאַן? האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר כמעט אַ רחמנות פּנים און האָט מיר ווי אַ פאַרשולדיקטער געענטפערט: — „פון כעלם"...

גראָד האָט זיך דאַן אַזוי געמאַכט, אַז דורך אונזערן אַ באַקאַנטן האָבן מיר געזאָלט נעמען אַ צימער ערגעץ אַנדערש. נאָר ווען מיין אידענע האָט דערהערט, אַז זי האָט דאָ צו טאָן מיט אַ „כעלעמער לענדלאָרד", זיינען אַלע אירע פּלענער צערונען געוואָרן. זי האָט מיך געגעבן אַ צי ביים אַרבל, אַ שטוכקע געטאָן אין זייט און אַריינגעשושקעט מיר אין אויער: „לאָמיר מיט אים אָפּשטעלן. ווייל אַ כעלעמער לענדלאָרד „איז גרינג אָפּצונאַרן"...

די רום וואָס ער האָט אונז געצייגט איז געווען דווקא ניט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ. ער האָט אָבער אונז געגעבן צו פאַרשטיין — אַז קיין פלאָרידע קומט מען ניט אַזוי צוליב דער רום, נאָר צוליב דעם ביסל זון, וואָס מ'קען דאָ אַריינכאַפּן אינמיטן ווינטער...

וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין? דאָס ביסל זון וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט, האָט ער געהאַלטן וואָלט אַ 100 פּראָצענט. די זון האָט געברענט ביי אונז אין רום ווי אין אַ גיהנום. מיט אַלע „אימפּרואוומענטס" וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט, האָבן מיר זיך געכאַפּט ווען מיר האָבן שוין געסיינט מיט אים דעם ליס. די דישעס וואָס ער האָט געגעבן מיין אידענע, האָבן געטויגט ניט פאַר מילכיקס און ניט פאַר פליישיקס, נאָר האָבן געטויגט אינגאַנצן אויף כפּרות. שענערע פון זיי וואַרפט מען אַרויס אין גאַרבעדזש...

ווען איך בין געווען פאַרטיק צו נעמען אַ „שאַוער", האָב איך זיך געכאַפּט אַז אַנשטאָט אַ רעגעלער שאַוער, איז אינדערהויך געווען צוגעטשעפּעט אַ נומענע רערל (ראָבער־פּאַיפּל) וואָס מען באַשפּריצט דאָס גראָז... און דאָס האָט ביי אים געהייסן אַ „שאַוער". ווען איך האָב געפּרואווט אָפּדרייען דאָס וואַסער פון אָט דעם צאַצקעדיקן שאַוער, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דאָס וואַסער גיסט זיך ניט, נאָר עס רינט און ס'קאַפּעט צו איינציקע טראָפּנס. און ווען איך שטיי

דאָרטן אָפּ אַ טאָג מיט אַ נאַכט וואָלט איך אַרויס פון דאָרטן אַ טרוקענער...

דערפאַר איז אָבער דאָרטן געווען אַ וואַנע וואָס אַזוינס קריגט איר ניט אפילו אין „פּאַונטעין־בלו"... די וואַנע איז געשטאַנען אויף פיר פיסלעך און האָט געהאַט די מעלה, וואָס מען האָט זיך געקענט אין איר באָדן, ניט נאָר זיצנדיק, נאָר אַפילו שטייענדיק... ווייל זי איז געווען אַזוי הויך, אַז זי האָט מיר דערגרייכט כמעט ביזן האַלדז...

זי האָט אָבער אויך געהאַט אַ גרויסן חסרון. איר האָט געמוזט צושטעלן אַ בענקעלע אויף אַריינצוקריכן אין דער וואַנע. שוין, ביי מיין ערשטן מאָל, נעמענדיק אַ וואַנע, בין איך באַגאַנגען אַ נאַרישקייט און האָב פאַרגעסן מיטצונעמען דאָס בענקעלע אין וואַנע... ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט מען מיר געמוזט דערלאַנגען דאָס בענקעלע, מיך אַרויסצוראַטעווען פון דאָרטן...

די ערשטע נאַכט ווען מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן, האָבן מיר זיך פאַר אים באַקלאָגט, אַז ס'איז צו הייס ביי אונז אין צימער. האָט ער זיך אויף אונז דערבאַרעמט און האָט אונז געגעבן אַזאַ „מאָדערנע" פּען וואָס אַרבעט־סאַי אויף היץ און סאַי אויף קעלט. מען דאַרף נאָר אַ קוועטש טאָן דעם ריכטיקן קנעפּעל און איר זענט געראַטעוועט. ווען מיר האָבן, פאַרן שלאָפן, אָנגעשטעלט אָט די „לייטעסט־מאָדעל מאַכערײַקע", האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז ביידע קנעפּלעך אַרבעטן נאָר אויף היץ, און ניט פאַר קיין קעלט... נאָך אַ שטיקל גליק וואָס מיר האָבן זיך געכאַפּט אין צייט איידער מיר זיינען איינגעשלאָפן געוואָרן, אַניט וואָלטן מיר געווען צעשמאָלצן געוואָרן פון היץ...

איר ווילט דאָך מסתם וויסן וואָס פאַרא בעטן מיר האָבן געהאַט, וואָס פאַרא מאַטראַצן, ווי אַזוי מיר זיינען געשלאָפן.

נו, דאָס זיינען געווען אַזוינע בעטן וואָס מען וואָלט באַדאַרפט אויף זיי אַליין איבערשלאָפן אַ נאַכט, צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם און טאָקע פילן דעם טעם פון זיי...

דאָס זיינען געווען שוין איינמאָל בעטן. מיט די „לייטעסט אימפּרואוומענטס", אַזוי צו זאָגן... אין די בעטן האָט מען זיך ניט אַריינגעלייגט, נאָר זיך אַריינגעקאַטשעט, אַזוי ווי אין אַ מולטער אָדער אין אַ שיפל. איך בין געלעגן צוזאַמענגעדרייט ווי אַ בייגל. מיין קאָפּ מיט די פיס האָבן דערגרייכט כמעט ביזן סטעליע און מיין פלייצע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן דיל. חוץ דעם וואָס זיי האָבן געקרעכצט און געכריפּעט, איז יעדעס בעט באַזונדער געשטאַנען בלויז אויף דריי פיסלעך... ווייל דאָס פערטע פיסל איז געווען אַ סך קורצער פון די איבעריקע דריי. איך פאַרשטיי דאָך, אַז אויף אַזאַ „דריי־פוסיקער" בעט איז געווענדעט ווי אַזוי מען ליגט אין אים. אויב, למשל, איר ליגט שטיל, איינהאַלטענדיק דעם אָטעם, ניט רירנדיק מיט קיין אבר איז נאָך געווען צו דערליידן. נאָר טאָמער איר האָט געגעבן אַ הוסט, אַ ניס, אַ קרעכץ, אַ זיפץ אָדער אפילו אַ גענעץ, האָט דאָס זיך אָנגעהויבן צו הוידען און צו שאָקלען און האָט זיך שוין אַזוי אָפּגעשאָקלט די גאַנצע נאַכט...

ווען איך האָב אויף מאָרגן זיך פאַר אים באַקלאָגט אויף זיינע טייערע בעטן, האָט ער מיר „פילאָזאָפיש" געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ווען אַ בעט שאָקלט זיך איז דאָס דווקא אַ „סגולה" צום שלאָפן. פונדעסטוועגן האָט אים, ווייזט אויס, זיין געוויסן אָנגעהויבן אַביסעלע צו פּלאָגן און ער איז דעם נעקסטן טאָג אַריינגעקומען צו אונז אין צימער מיט אַ פּאָר ביכער אונטער דער האַנט... איך גיב אים אַ קאָמפּלימענט וואָס כאָטש ער

איז א לענדלאַרד, געפינט ער נאָך פאַר נויטיק אריינצוקוקן אמאָל אין א בוך. ענטפערט ער מיר: „קיין ביכער לייען איך ניט. דאס בין איך געקומען פיקסן אייערע בעטן"...

איך קוק אים אָן פאַרוואונדערט און פרעג אים: „פיקסן אונזערע בעטן? וואָס־זשע קומט איר מיט ביכער אונטער דער האַנט?" קוקט ער אויף מיר, ער־שמייכלט, און ענטפערט מיר: „וואָס האָט איר געוואָלט, איך זאָל אייך פיקסען די בעטן מיט א זעג?... און ס'נעמט ניט קיין פאַר מינוט, גיט ער זיך א צי אוים אויפן פלאָר, לייגט אוועק איין בוך אונטער איין בעט, דעם אנדערן אונטער דעם צווייטן בעט און די בעטן האָבן, ווי דורך א כישוף זיך אויפגעהערט צו שאָקלען...

דערביי דערציילט ער מיר אזא מעשה: קיין ביכער האָט ער קיינמאָל ניט געליי־ענט און ער האָט קיין צייט ניט פאַר די דאָזיקע נאַרישקייטן. נאָר לעצטן יאָר האָט ביי אים געוואוינט א אידישער שרייבער. האָט ער ביי אים איבערגעלאָזן זיינעם א בוך, מיט א דיקשאָנערי. איז באשערט געווען, הייסט עס, אז די ביכער זאָלן אָפּראַטעווען אונזערע בעטן...

נאָך הערט א מעשה: איך ווייס ניט צי איר וועט מיר גלויבן. ווען מיר האָבן ביי אים אָפּגעוואוינט דעם ערשטן מאָנאַט מיט אַט די אַלע אימפּראָוו־מענטס, האָט ער אויפן צווייטן מאָנאַט באַרלאַנגט פון אונז א רעיז פון 5 דאָ־לער. און איר וועט קיינמאָל ניט טרעפן פאַר וואָס ער האָט געוואָלט דעם רעיז. איך האָב זיך עפּעס איינמאָל אויסגע־רעדט פאַר א שכן, אז אונטער מיין פענ־סטער איז דאָ א בוים מיט נעסטן פון פייגעלעך, און גאַנץ פרי זינגען די פיי־געלעך אריין גלייך אין מיין ווינדאָו און כ'האָב דערפון גרוים הנאה. נו האָט מי־דער „כעלעמער" לענדלאָרד, ביים ענדע פון דעם מאָנאַט, געזאָגט גאַנץ פּשוט: איך האָב אייך פאַררעכנט א רום אָן א בוים און אָן פייגעלעך... אויב איר ווילט אז פייגעלעך זאָלן אייך אריינזינגען אין אייער ווינדאָו, דאַרפט איר דערפאַר באַ־צאָלן"...

איך בין אָבער א איד וואָס לאָזט זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע. איך האָב פון דאָרטן ארויסגעמופט און האָב אים נאָך „אָפּגענאַרט" אויך. איך האָב גענו־מען א רום אין דער נעקסטער הויז, אויף דער זעלבער זייט פון יענעמס בוים מיט זיינע פייגעלעך... איז שוין אוים־געקומען אזוי, אז רענט האָב איך טאַקע געצאָלט אן אנדערן לענדלאָרד, נאָר די זעלבע כעלעמער פייגעלעך האָבן סיי־ווי אריינגעזונגען אין מיין ווינדאָו...

נאָר, ווי זאָגט דאָס שפּריכווערטל: „אז מען ברויט זיך אָפּ אויפן הייסן בלאָזט מען אויפן קאַלטן", דערפאַר בין איך מיטן צווייטן לענדלאָרד שוין גע־ווען קלוגער, און האָב זיך באַוואָרנט אין דעם נייעם ליס, אז אויב עס זינגען אריין פייגעלעך אין מיין ווינדאָו איז דאָס ניט קיינעמס עסק. ווייל פייגעלעך זיינען גאָט'ס באַשעפעניש און קיין לענדלאָרד קען זיי ניט זאָגן קיין דעות אין וועמענס פענסטער זיי זאָלן אריינ־זינגען. דאָס איז ניט זייערע חזיר'ישע ביזנעס . . .

ש. וועקסלער

# אַ השגה פון אַ אידן



זינט איך בין געוואָרן אַ תושב אין פלאָרידאַ און מענטשן האָבן זיך דערוואוסט, אַז מיינע הומאָרעסקעס דרוקן אין אידישע צייטונגען, האָט מען מיך אָנגעהויבן איינלאַדן פאַר פאָרלעזונגען צו פאַרשידענע אונטערנעמונגען. ספּעציעל, אין די גאָלדן־רינג קלובן, וואו פּשוטע אידן לעכצן נאָך אַביסעלע הומאָר. צוליב מיין באַקאַנטשאַפט מיט אַ פּאָר פירער פון אַט די קלובן, האָבן מיר „געגרינדעט" דאָ אין אַ קאַפעטעריע אַ מין געמיינזאַמען ווינקל. עס איז געוואָרן אַן אמתע קיבעצאַרניע, אלאַ „קאַפּע ראַיאַל".

בקיצור, איך קום איינמאָל אין קאַפעטעריע, גייט צו צו מיר אַ יונגערמאַן, און גיט מיר אַ זאָג: „איך האָב נעכטן געהערט אין קלוב אייער פאָרלעזן אַ גאַנץ געלונגענע מעשה'לע. און, הגם, ער האָט דאָס געלייענט פון אַ געשריבענעם מאַנוסקריפּט, בין איך אָבער זיכער אַז ס'איז אייערס אַ מעשה'לע וואָס איך האָב דאָס געלייענט אין אַ צייטונג. ער הויבט מיר אָן געבן איינצלהייטן, סימנים, און איך דערקען אַז די זאַך איז טאַקע מיינע. איך פרעג אים, צי יענער האָט לכל הפּחות דערמאָנט מיין נאָמען? ענטפערט ער מיר: „הערסט! אָט דאָ ליגט דאָך דער הונט באַגראָבן." ער האָט נאָך קיינמאָל, זאָגט ער מיר, ביי אַ פאָרלעזונג נישט אָנגעגעבן דעם נאָמען פון אַ מחבר, נאָר צווישן עולם באַרימט ער זיך, אַז אַלעס וואָס ער לעזט פאָר איז דאָס זיינע אייגענע שאַפונגען, און אויב מען דרוקט דאָס ערגעץ אָפּ, האָט מען דאָס טאַקע ביי אים גע'גנב'עט... איך פרעג אים צי ער קען מיך. מיט אים באַקענען? ענטפערט ער מיר — אַז וואָס שייך אים פערזענלעך, שטייט אים אפילו ניט אָן צו שטיין אין יענעמס דלד־אמות... נאָר אויב איך וויל, קען ער מיר אָנגעבן סימנים, ווי אַזוי ער קוקט אויס: „אַ הויכער, אַ לאַנגער דראָנג ווי אַ טרוקענער לולב. האָט אַ גוליע אויפן שטערן און מיט אַ נישקהדיקן פליך. חוץ דעם איז ביי אים די נאָז אַלעמאָל רויט, ווייל ער גלויבט אין דעם „אַכצנטן אַמענדמענט"... מיט אַזוינע סימנים, זאָגט ער, קענט איר אים דערקענען אפילו אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן..."

וואָס טויג אייך חכמות, איך האָב אָנגעהויבן וואַרפן אויגן, זוכן אָט דעם חברה'מאַן אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך האָב אים געפּאַקט, טאַקע אין דער זעלבער קאַפעטעריע. איך האָב זיך צוגעזעצט ביי זיין טישל, זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים ווער איך בין און האָב אים אָן שום צערעמאָניעס געגעבן אַ זאָג: „איך האָב געהערט אַז לעצטע וואָך האָט איר געמאַכט אַ גרויסן „סוקסעס" מיט מיינער אַ הומאָרעסקע". און פרעג אים: „ווי קומט דאָס וואָס איר האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם מחבר?" דערביי, גיב איך אים צו פאַרשטיין, אויף אַן אידעלן אופן, דעם טייטש פון „פּלאַגיאַט"... אַז, אייגנטלעך איז דאָס די זעלבע ווי „געגנבעט". נאָר אויף דעם ליטעראַרישן לשון האָט מען דאָס צוגעטראַכט אַזאַ נאָמען, אַז ס'זאָל קלינגען אַביסעלע מער באַלעבאַטיש...

תחילת האָב איך געדענקט אַז מיין פּלוצימדיקע פראַגע וועט אים שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט און ער וועט אָפּ־

דייקענען די גאַנצע געשיכטע. ווי אי־בערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען ער איז פלוצים „נעלם" געוואָרן. פאַר אַ ווײַלע, האָט צוגעטראָגן אַ טעצל קאַווע מיט קוכן, פאַר אונז ביידן, און האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק אָנגעהויבן בזה הלשון: „איך דאַרף מיר ניט זאָגן ווער ס'האָט אייך דערציילט וועגן מיר אָט די מעשה. איר ווייסט דאָך, ווי מ'זאָגט: „אויף אַ גנב ברענט דאָס היטל". אויב זאָגט ער מיר, איך האָט באַמערקט יענעמס רויטע נאָז מיט די בלויע אָדערלעך, האָט איך זיך שוין מסתם אָנגעשטויסן, אַז דאָס קומט ניט פון טרינקען „פעפסי־קאָלאַ"... „ער איז דאָס, מ'שטיינס גע־זאָגט, מיין קאָנקורענט — אַ רעד־פירער אין אַן אַנדער קלוב. איז חוץ דעם וואָס ער איז אַ שיכור, אַ רכילות'ניק, אַ ניט קיין פאַרגינער, איז ער נאָך דערצו ניט קיין קליינער גנב אויך... ער, קען מען זאָגן, גנב'עט טאַקע פון טויטע און פון לעבעדיקע. גלויבט מיר: אַז איך „פאַר־געס" אַמאָל צו דערמאָנען דעם נאָמען פון אַ מחבר, טו איך דאָס ניט בכיוון. אויב אימיצער פון עולם דענקט אַז דאָס איז מיינע אַ זאַך, קען איך מיר ניט העלפן. איך צעפויק אָבער ניט צווישן עולם אַזוי ווי אָט דער „יאַבעדניק", אַז איך בין דער מחבר פון דער זאַך. ער אָבער, בכדי מ'זאָל אים ניט כאַפּן ביי דער האַנט, פלעכט ער צוזאַמען אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע אפשר פון צען שרייבער צוזאַמען. אַ פּאָר פון לעבע־דיקע, און מערסטע, וועלכע זענען שוין לאַנג אויבן עולם האמת, אונז צו לענ־גערע יאָר; באַרימט זיך פאַר אַלעמען אַז ער אַליין האָט דאָס פאַרפאַסט און רופט אים קנאַק־ניסל...

בקיצור, נאָך דער צווייטער טעפל קאַווע גיט ער מיר אַ זאָג: „איך זע דאָך אַז איך בין אפשר, בשוגג, באַ־גאַנגען אַן עוולה קעגן אייך. עס איז אָבער דאָ אַ וועג וואָס איך קען דאָס פאַרגיטיקן: היות, מאָרגן דאַרף איך פאַרלעזן אין קלוב טאַקע מיינע אַן אייגענע הומאָרעסקע. איז ווי באַלד אַזוי, וועל איך זאָגן דעם טשערמאַן, ער זאָל אָנאָנסירן, אַז איר זענט דער מחבר פון דער הומאָרעסקע; וועט דאָס זיין, הייסט דאָס, ברויט פאַר ברויט, אַזוי צו זאָגן"...

איך רוף זיך אָפּ צו אים: דאָס איז טאַקע זייער אַ פיינער שטריך פון אייער זייט צוצוטיילן מיר אַן אומזיסטיקן כבוד. עס וואָלט אָבער געווען ניט מער ווי רעכט, איר זאָלט פאַר מיר פאַרלעזן, לכל הפחות, דעם אינהאַלט פון אייער הומאָרעסקע. נאָך אַלעמען, פאַלט דאָך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף מיר, סיי פאַרן סוקסעס און סיי, חלילה, פאַרן דורכפאַל פון דער זאַך... ער טראַכט ניט לאַנג, נעמט אַרויס פון קעשענע אַ גע־שריבענעם מאַנוסקריפּט, הויבט אָן צו לעזן און ביי די ערשטע פאָר שורות כאַפּ איך זיך, אַז ער לעזט ווידער מיינע אַ הומאָרעסקע... איך ווייס, איר וועט מיך פרעגן אַ האַרבע קשיה: ווי קומט עס ער זאָל פאַר מיר פאַרלעזן „זיינע" אַ זאַך ווייסנדיק אַז איך בין גאָר דער מחבר דערפון? טאָ כאַפּט זשע ניט! דאָס אַליין איז טאַקע אַ קאַפּיטל פאַר זיך, און איר מעגט דאָס הערן.

מיין אַמביציע צו ווערן אַ שרייבער האָט זיך אָנגעהויבן מיט וואָסערע פער־ציק יאָר צוריק. דאַן האָבן צייטונגען און זשורנאַלן געבליט ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן. די רעדאַקטאָרן זענען אָבער גע־ווען גרויסע עקשנים. זיי האָבן געשפּילט מיט מיר צו להכעיס, אַזוי צו זאָגן. ד. ה. איך האָב געהאַלטן אין איין שיקן מאַנוסקריפּטן, דווקא מיט צוגעלייגטע סטעמפּס, און זיי האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק אפילו מיר די סטעמפּס אָפּצושיקן.

איין רעדאקטאר פון א זשורנאל — א איד, א ליטוואק — האט זיך אבער אויף מיר דערבארימט און מיך אנגעהויבן צו דרוקן. ס'איז אבער געווען אך און אז ווי צו אזא דרוקן... זיין דרוקן האט מיר באַרשאפט מער „גריזאטע" ווי נחת. ערשטנס, האט ער געהאט א טבע צו בייטן דעם נאמען פון די קעפלעך. צווייטנס, האט ער, צוליב זיינעם א קאפריז, קיינמאל ניט דערמאנט דעם אמת'ן נאמען פון דעם שרייבער. ער האט איינגעפירט אין זיין זשורנאל א ספעציעלע אפטיילונג, וועלכע האט געהייסן — „עפיזאדן פון לעבן". דארט פלעגט ער „אריינפאקן" אלע זיינע גרינע שרייבער, אזוי ווי שמחת תורה צו הקפות: „עם כל הנערים"... חוץ דעם, האט ער יעדן שרייבער געקרוינט מיט זיין אייגענעם „פסעוודאנים", פון וואנען דער שרייבער איז געקומען: ווי, למשל, „ברוקלין", „בראנקס", „בענסאנהורסט", „פלעטבוש" און אנדערע. איך האב ביי אים געהייסן — „ברוקלין", און ס'איז מיר געווען באשערט זיך ארומטראגן מיט אט דעם נאמען, אפילו ווען איך האב שוין געוואוינט יארן לאנג אין די בראנקס... ס'האט אפילו איינמאל ניט געטראפן, מיין מזל האט מיר צוגעשפילט, און ער האט אפגעדרוקט מיינע צוויי עפיזאדן אין איין נומער. האט ער איבער איין עפיזאד אוועקגעשטעלט: „ברוקלין" און איבערן צווייטן — „פיטקין עווענוי", וואו איך האב דאן געוואוינט... היינט שטעלט אייך פאר אז איינע פון אט די אמאליקע הומארעסקעס איז איצט אויפגעשטאנען „תחית המתים" פאר מיינע אויגן. תחילת בין איך געווארן אביסעלע צעטומלט. פרישע געדאנקען האבן געגעבן א בליין אין מיין קאפ, וועלכע זענען שוין לאנג פארשוואונדן פון מיין געדעכעניש. מיין בייזער רעדאקטאר, מיט זיין שפיציקער יארמולקע, מיט אלע מיינע אפגעדרוקטע עפיזאדן זענען פאר מיר איצט געשטאנען ווי לעבעדיקע סימבאלן. ווייזט אויס, אז די פלוצימדיקע געשעעניש האט אויף מיר פסיכאלאגיש אזוי געווירקט, אז איך האב אויפן מאמענט ניט געוואגט אים אפילו אפצושטעלן. — שוין דערמיט אליין וואס ער טראגט זיך ארום מיט מיינער א הומארעסקע וועלכע האט שוין אריבערגעשפאנט איר עלטער, איז ער געווארן חשוב אין מיינע אויגן. איך האב זיך אבער באהערשט און אים איבערגעשלאגן אינמיטן: האב צעגלידערט פאר אים דעם אינהאלט פון דער גאנצער זאך, און האב אים, אויף אן איידעלן אופן געגעבן צו פארשטיין, אז דאס וואס ער דענקט צו נעמען דעם עולם אויף זיכער און אנגעבן מיין נאמען אויף זיין הומארעסקע, וועט אייגנטלעך זיין טאקע דער ריינער אמת. ווייל די הומארעסקע איז טאקע מיינע...

דער יונגערמאן האט זיך מיט מיר גוט־ברודעריש געזעגנט, אזוי ווי עס וואלט גאר ניט פאסירט. ער האט מיר צוגעזאגט, אז ער וועט נאכזוכן ביי זיך אין ארכיוו, מיין אפגעדרוקטע הומארעסקע, און ביים פארלעזן וועט ער אנגעבן דעם אמתן נאמען פון דעם מחבר, ווי עס שטייט און גייט.

איך ווייס נאך ניט ביז איצט וואס פאר א נאמען ער האט אנגעגעבן אויף מיין הומארעסקע. ווייל, נאך אזוי פיל יארן, געדענק איך שוין אליין ניט, אונטער וואס פאר א „פסעוודאנים" דאס איז געווען געדרוקט: „בראנקס", „פיטקין־עווענוי" אדער אפשר גאר „פילאדעלפיע"... ווייל בימי, ווען מיינע זאכן האבן זיך געדרוקט, האב איך דאן א שטיקל צייט געוואוינט אויך אין פילאדעלפיע...

* * * * * * * * * * * * * *

# פאַרפּלאָנטערטע חשבונות

ווען איך בין נאך געווען א חדר אינגעל געדענק איך ווי מיין טאטע ע"ה פלעגט אונז זאגען מוסר, אז ווען איינער איז אריינגעטאן צופיל אין דער אכילה, איז דאס פונקט ווי ער טוט אפ די גרעסטע עבירה. דערפאר האט טאקע ביי אונז גאנץ אפט געטראפען, אז ווען מיר, די גאנצע כאליאסטרע קליינווארג פלעגען וויינען, אז מיר ווילען עסען, האט דער טאטע אונז געהייסען זיך לייגען שלאפען... און א „כאליאסטרע" איז געווען ניט צו פארזינדיגען. א שטוב מיט מיידלעך, קיין עין הרע, אזוי פיל, אז עס איז שוין ניט געווען נאך וועמען א נאמען צו געבען פון דער משפחה, האט מען זיך גענומען צו די נעמען פון דער תורה. און ס'איז געווען א געפאר, אז ס'וועלען זיך אויסשעפען אט די אלע הייליגע נעמען, וועט ניט זיין נאך וועמען א נאמען צו געבען...

צו אט דער כאפטע מיילער האט מען באדארפט האבען פרנסה, און דאס איז געווען אן איידעלע זאך. עס האט געהייסען, אז דער טאטע איז געווען א פעלצען מאכער. ער האט אבער אזוי געקענט נייען פעלצען, ווי איך קען פסק'ענען שאלות. פלעגט ער ווינטער זיך אוועקלאזען איבער די דערפער אויף א גאנצער וואך לאטען אלטע פעלצען פאר די גויים, און דערפאר קריגען מ'שטיינס געזאגט, דאס ארימע ביסעל מזונות. וואס פלעגט קלעקען ביי אונז ווי ביי א סאלדאט א מצה.

דערפאר, ווען דער ליבער זומער איז געקומען, איז ביי אונז אין הויז געווארען א ביסעל פרייליכער. ערשטענס, האבען מיר פארמאגט א גרויסע „ליאדאווניע" (א קעלער אנגעפילט מיט אייז). ווינטער פלעגט דער טאטע אנהאקען שטיקער אייז און זומער האבען מיר דאס פארצוקערט.

חוץ דעם האט ער אין דער „ליאדאווניע" געהאט אזא מין מאשין, וואס ער פלעגט מאכען א מין פעלצער. ביי אונז האט דאס געהייסען „פיאלקע". א טעם האט דאס געהאט פון „כליעבנע-קוואס", אויסגעמישט מיט א ביסעל ציקאריע... ס'האט אבער געהאט א מעלה, אז ביים עפענען דאס פלעשעל פלעגט די פראבקע געבען א שאס ארויס ווי פון א הארמאט ביז דער סטעליע (סילינג) און ביים טרינקען אט די משקה פלעגט דאס אייך דורכלעכערען די נאז מיט'ן מוח און מען פלעגט זיך אזש פארכליניען...

פאר די וועלכע פלעגען שבת זיך איבערעסען מיט טשאלענט און מיט קוגעל, זיי האט דאס ביסעל מים אחרונים פשוט געראטעוועט דאס לעבען... ווייל נאך אזא פלעשעל „פיאלקע-סעלצער" האט מען געקענט גרעבצען דעם גאנצען טאג ביז נאך הבדלה... מיר קליינווארג האבען זיך פשוט אפגעלעבט. פאר וועמען אט די סעלצער איז געווען א לוקסוס, פאר אונז איז דאס געווען א לעבענס-נויטווענדיגקייט. מיר האבען די סעלצער ניט געטרונקען, נאר פשוט געגעסען... ביי אונז איז געווען דער בעסטער מאכל נעמען א שטיק חלה אדער ראזאווע ברויט, טונקען דאס אין סעלצער און זיך קוויקען דערמיט. איך האב מיר געהאט מיין אייגענעם איינפאל ווי זיך נוהג צו זיין מיט אט דעם מאכל.

איך פלעג פשוט אנגיסען א פולע שיסעל סעלצער, אנבראקען אהין וואס ס'איז נאר געקומען צום האנט: הייסע חלה, קארענע ברויט, הרעטשענע לאטקעס, און גלויבט מיר, אז דער טעם פון

אט דעם מאכל ליגט נאך מיר אויפ'ן גומען ביז היינטיגען טאג. א־יא, איר לאכט, הא? אנו, פרואווט אומיסנע זיך אויסהונגערען אזוי, אז ס'זאל אייך ציהען ביי די פיאטעס, גיסט אן א שיסעל סעלצער, בראקט אריין חלה מיט לאטקעס, און איר וועט זיך איבערצייגען, אז אזא מאכל האט איר נאך קיינמאל ניט גע־געסען!...

די מאשינערי אין אונזער ליאדאווניע איז געווען ארומגערינגעלט מיט גאלע סודות. מיר קליינוואַרג און סתם פרעמ־דע האבען ניט געטארט שטעהן אפילו אין די דלד־אמות, מ'זאל, חלילה, קיין גוט־אויג ניט געבען...

אין שטעטעל איז אפילו ארומגעגאנ־גען א קלאנג, אז ס'איז א סברא, אז דער טאטע טרייבט דארטען א גוראלניע, אז צוזאמען מיט'ן ביסעל סילצער, הייסט עס, מאכט ער בשתיקה אביסעל 96־ער בראנפען. דערפאר פלעגט דער אקציזניק טאקע זיין ביי אונז א גאנץ אפטער גאסט. ער פלעגט קומען צו אונז פלוצים, אהן די גלעקלעך, פלעגט אלץ באקוקען, באטאפען, אבער זיך צושלאגען צו דער גוראלניע — א־מכה. פאר'ן אוועקגעהן פלעגט דער טאטע אים מכבד זיין מיט א טרונק בראנפען דווקא פון א פלעשעל מיט א באנדעראלקע...

ביים טרינקען לחיים פלעגט ער זאגען דעם טאטען אפען, אז ער ווייס, אז ער איז א איד א מאשעניק, אז ער וועט אים אמאל נאך אונעקשיקען אויף קא־טארגע, ווייל דאס ביסעל בראנפען וואס ער האט נאך וואס ארונטערגעשלונגען איז דאס א ביסעל היימיש געמאכטע „סאמאראדנע'' סחורה...

פון צווייטען צימער פלעגט די מאמע זיך כלומרשט א וויש טאן דאס פנים מיט'ן פארטוך און א זאג טאן צו זיך אליין: „אזא מכה דיר אין די געדערים ווי דו האסט געטראפען''... די גרעסטע שפע ביי אונז אין הויז האט זיך אנגע־הויבען צווישען פורים און פסח. שלמה נחומ'ס־נחומ'ס איז געווען דער פאדריאד־טשיק און דעם טאטען האט ער איבער־געגעבען דעם „פאדריאד'' פון מצה באַ־קען. ערשטענס, ווייל מיר האבען גע־האט א גרויסען אויווען; און צווייטענס, ווייל ס'איז געווען א פולע שטוב מיט מיידלעך.

שלמה פלעגט צושטעלען דאס מעל צו־זאמען מיט די ארדערס וויפיל פונט מצה ס'האט באדארפט ארויסקומען פאר יעדער באלעבאסטע באזונדער. דער טאטע האט געבאקען און באדארפט פירען חשבונות וויפיל ריווח ס'נעמט זיך אן אויף אונזער חלק. איז אבער די צרה, וואס דער טאטע איז געווען זעהר א שוואכער בעל חשבון. אלע זיינע חשבונות, וויפיל מצה עס איז ארוים פון דעם פאדריאד האט ער פארצייכענט אויף דער קאמער־טיר פון אינעווייניג, מיט פארשיידענע פאסיקלעך, דריידעלעך, קיי־קעלעך, קעסטעלעך מיט גאנצע מג־דול'לעך און מיט האלבע.

די טיר איז געווען א ווייס־געקאלכטע און פארצייכענט האט ער אלץ מיט אן אפגעברענטען שווארצען קויל. אונז איז געווען שטרענג פארבאטען ניט נאר זיך צו עוסק'ן ביי דער טיר, נאר אפילו נאענט צו דער קאמער האבען מיר ניט געטארט צוגעהן, מיר זאלען, חלילה, ניט צעדרייען זיינע חשבונות. איר מעגט מיר גלויבען, אז אט די טיר חשבונות האבען ביי אים אלעמאל געשטימט פינקטליך ווי א זייגער.

נאר איינמאל, געדענק איך, איז אן ערב פסח, האט ער זיך אביסעל פאר־פלאנטערט מיט אט די חשבונות. שלמה נחומ'ס איז געקומען א פאר מאל מיט זיינע ביכער. אין קאמער פון יענער זייט



טיר, האט מען זיך געאמפערט אויף גאר הויכע טענער, צו קיין טאלק איז מען אבער ניט געקומען. געזאלט האט מען אראפּברענגען צו אונז אריה לייב'ן דעם באקאליייניק, וועלכער איז געווען געניט אביסעל אין הלכות בוכהאלטעריע. האט אבער געטראפען מיט אים אן אומגליק. ער האט זיך צעבראכען א פוס און ישראל דער רופא האט אפגע'פסק'ענט, אז הלוי זאל ער קענען ארונטער פון בעט ערשט ארום שבעות־צייט. בקיצור, דער חשבון איז אזוי „געהאנגען" אין דער לופטען, ביז א שכן האט איינמאל א פרעג געטאן דעם טאטען: „ר' חיים, פּארוואס נעמט איר ניט מיט אייערע חשבונות צו אריה לייב'ן אין הויז אריין? ער וועט דאס פאר אייך אויסגליכען איינס און צוויי און איר וועט זיך פארשפארען צו דרייען א קאפּ אומזיסט און אומנישט?!

געה דערציייל דעם שכן א מעשה, אז דער גאנצער חשבון איז פארשריבען אויף א טיר, וואס פארנעמט כמעט א האלבע קאמער... בקיצור, אין א שיינעם שבת האבען מיר אלע באמערקט, אז דער טאטע איז עפּעס צופיל פארטראכט. נעמט אריין אלע ווילע זיין שפּיץ בארד אין מויל אריין. האבען מיר באלד פאר־שטאנען, אז עפּעס קוועטשט אים, אז ער פלאנעוועט עפּעס צו טאן. נאר וואס — האבען מיר ניט געוואוסט.

ערשט נאך הבדלה האט דער בלאטער געפלאצט. און די גאנצע בני־בית האבען זיך דערוואוסט פון דעם גרויסען סוד, ווען יאנקא, דער שבת גוי, איז אריין און אין א הרף־עין האט ער נעגעבען א נעם ארונטער די שווערע טיר... ביים ארויס־לייגען די טיר אויפ'ן וואגען האט דער טאטע געהאט די פארשריבענע זייט ווי אן אוצר, ס'זאל חלילה, זיך גארניט אפּמעקען. וואס זאל איך אייך מאריך זיין? שלמה איז געקומען מיט זיינע ביכער, דער טאטע האט אוועקגעשטעלט די טיר לעבען אריה־לייב'ס בעט, און ס'האט ניט גענומען קיין האלבע שטונדע, האט ער אויסגעפונען די גאנצע פאר־דרייעניש.

דאס מאל האט דער טאטע דווקא גע־מוזט צוגעבען זיין טעות. ס'האט זיך ארויסגעצייגט, אז א פאר רעדעלער זיי־נען ביי אים ארויסגעקומען שפּיציג און ער האט דאס אנגענומען פאר א האלבען מגן דוד'ל...

דער טאטע האט פאר זיין טעות באַ־דארפט באצאלען קנס... האט ער גאנץ פיין געשטעלט א פאר פלעשלעך „סאַ־מאראדקע"... מילא פון סעלצער איז דאך אפגערעדט. סעלצער האט זיך דאר־טען נעגאסען ממש ווי וואסער...

מער ווי אלע האט אין זיך אריינגע־גאסען סעלצער טאקע אריה־לייב דער בוכהאלטער אליין, און ווי איבעראשט זיינען מיר אלע געווארען, ווען איז א פאר טעג ארום איז אריה־לייב ארונטער פון בעט. אמת, ער האט אביסעל אונטער־געהונקען, אבער א חידוש איז דאס געווען אפילו פאר ישראל דעם רופא אליין. „ביט אנדערש", האט ער גע'טענה'ט, „אז דאס וואס ער האט יענעם שבת־צו־נאכט אריינגעגאסען אין זיך אזוי פיל סעלצער, דאס האט אים געהאלפען זיך שטעלען אויף די פיס"... די סעלצער, הייסט עס, איז אים אריין אין דעם קראנ־קען פוס און דאס האט געבראכט די רפואה... איז ווי איר זעט, מיינע ליבע פריינט, איז מיין טאטענס „פּיאלקע־סעלצער" ניט נאר געווען א געשמאק ביסעל משקה, נאר ס'איז געווען אפילו א רפואה פאר צעבראכענע הענט און פיס...



ש. וועקסלער

# א צעשטערטער שלום בית

זינט די צייטונגען זיינען ארויס מיט די נייעס אז די יונגע מרס. ראקעפעלער איז אין אנדערע אומשטענדן און זי וועט איינגיכן מזכה זיין אונדזער גאווערנאר מיט א „בן־זקונים׳על”, האט זיך אונזער שלום־בית אביסעלע א טרייסל געטאן. אמת, ביי קיין גט, חלילה, האלט דאס נאך ניט ביי אנדרו. עס טומעלט זיך אבער ביי מיר אין הויז נאך אפשר מער ווי ביי די ראקפעלער׳ס אליין און ביי מיין ווייב גייט אט די נייעס ניט ארונטער פון די ליפן, פונקט ווי זי אליין וואלט זיך געקליבן זיך ליגן אין קימפעט... מיר זיינען שוין ב״ה פארהייראט לענגער פון ראקפעלער׳ן נאך מיט זיין ערשטער ווייב. פונדעסטוועגן האב איך נאך ביז יעצט ניט געהערט מיין אידענע רעדן אזוי פיל פון גט׳ן. נישט נאר זי אליין האט זיך איבערגעאנדערשט, נאר אפילו די טעלעוויזשען פראגראמען ביי מיר אין הויז האבן זיך אזוי געביטן אז איך האב אזוינס ביי מיר אין הויז נאך קיינמאל ניט געזען...

ביז איצט האב איך גארנישט געוואוסט אז מענטשן גט׳ן זיך אויף טעלעוויזשען... זי מארקירט אזוי אויס, אז ווען איך גיב א דריי דאס קנעפל פון דעם טעלעוויזשען, צייגט זיך באלד א קאורט, מיט א גט־פראצעס (דיווארס־קעיס) מיט א דזשאדזש, מיט א דזשורי, מיט אלע קליפערלעך. זי איז שוין געווארן אזא עקספערט אין אט די „דיווארס־קעיסעס”, פונקט ווי זי אליין וואלט געווען א געבוירענע לאיער. זי טרעפט אין פאראויס צי דער ריכטער וועט באוויליקן דעם גט, וויפיל אלימאני ער וועט צופסק׳ענען און וועלכער צד עס וועט דעם גט געווינען...

אייגענטלעך האט זיך ביי מיר אין הויז אנגעהויבן צו טומלען מיט ראקפעלער׳ן נאך בשעת ער איז געלאפן פאר גאווערנאר און ער איז נאך געווען פארהייראט צו זיין ערשטער פרוי. דאן האט ער נאך מסתם אליין ניט געטראכט פון גט׳ן זיך מיט זיין אידענע. באלד ווי מען האט אים נאמינירט פאר גאווערנאר, איז מיינע גלייך אריבער אויף זיין צד. איך ווייס אליין ניט פארוואס זי איז געווארן זיינע אזא הייסע פאטריאטקע? צי דאס איז געווען פאר זיין זיסן שמייכל, צי ווייל ער איז א גביר, א בעל צדקה, צי אפשר גאר פאר זיין ליבעראליזם וואס ער האט אין א שיינעם טאג פאר עלעקשאן זיך ארונטערגעכאפט דאון־טאון אויף דילענסי סטריט אין א מילכיקן רעסטאראנט, זיך פאסמאקעווען מיט א פארציע אידישע בלינצעס...

איך וועל קיינמאל ניט פארגעסן די שמחה מיט דער גדולה אויף איר ווען ער איז דערוויילט געווארן פאר גאווערנאר. אזא צעשטראלטע און צעשמייכלטע האב איך זי ניט געזען אפילו ווען זי איז געשטאנען מיט מיר אונטער דער חופה... נאכ׳ן עלעקשאן האט זי אפילו, לכבוד זיין זיג, איינגעפירט א מילכיקע וואך פון מילכיקע בלינצעס, פונקט ווי ס׳וואלט געווען ערב שבועות. אלע טאג, קומענדיק פון דער ארבעט, פלעג איך זי טרעפן ביים אויווען א פארפאליעוועטע, א פארפלאמטע. אויפ׳ן הייסן אויוון האבן זיך געפרעגלט מילכיקע בלינצעס און זי האט זיך געפרעגלט פון נחת... ווען איך האב איר איינמאל איבערגעווארפן אז זי

האָט זיך אַביסעלע צופיל צעבלינצעוועט. האָט זי זיך אויף מיר צעבייזערט און האָט מיר געזאָגט גאַנץ פּשוט, אַז ראַק־פעלער איז אַביסל אַ גרעסערער מיוחס פון מיר, און אַז אים שטייט אָן צו עסן בלינצעס מיט וואַרעניקעס אין אַ פּראָס־טען מיטוואָך, מעג דאָס מיר אוודאי אָנ־שטיין... דאַן, ווען די צייטונגען זיינען אַרויס מיט גרויסע קעפּ וועגן זייער גט, איז זי באַלד אַריבער אויף זיין צד. זי פלעגט זיך האַלטן אין איין אַרומטראָגן מיט די אויסגעשניטענע פּיקטשורס וואָס זיינען דאַן געווען געדרוקט אין אַלע צײַ־טונגען איבערן גאַנצן לאַנד. אַלע מאָל, ווען זי האָט מיר אונטערגעטראָגן אַזאַ פּיקטשור, פלעגט זי אַ זאָג טאָן: „נו, קוק נאָר אָן דאָס פּנים׳ל מיט אירע פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך!... מ׳קען זען פון דער פּיקטשור וואָס פאַר אַ יאַזווע, אַ מרשעת דאָס איז. אַז קיין האַניק האָט ער פון איר קיינמאָל ניט געלעקט... ער מוז זיין אַ צדיק — אַז ער האָט געקענט מיט אַזאַ־.. אָפּפינסטערן אַריבער דרײַ־סיק יאָר... זי פלעגט האַלטן אין איין ריידן און אויסטייטשן, אַז דאָס האָט זי זיך מתקנא געווען אויף איר געוועזענער זיסער שוועגערין וועלכע האָט אַרויסגע־קראָגן פון זיין ברודער גאַנצע פינף מי־ליאָן דאָלער פאַר אַ גט. און טאַקע באַלד פלעגט זי אָנהויבן אויסרעכענען, מאַטע־מאַטיש, וויפיל אַ שטייגער וועט אָט די אַרורה אַרויסקריגן פון אים אין „ספּאָט קעש״ און וויפיל מאַיאַנטקעס מיט אויל וועט זיך אָננעמען אויף איר חלק...

ניט איין מאָל פלעגט זי מיר ווע־ן אַריינציען אין אָט די פאַרפּלאָנטערטע חשבונות. אַז איך, הייסט עס, זאָל איר העלפן אויסרעכענען וויפיל פּראָצענט עס קען אַריינברענגען אַ יאָר פון פינף מיליאָן דאָלער און וויפיל זי דאַרף באַצאָלן אַ לאיער פאַר אַרויסקריגן ביי אים אַ גט מיט אַזאַ גרויסער מאַטניא?... ווען איך פלעג איר זאָגן, אַז מיין קאָפּ איז מיר פאַרדרייט מיט מיינע אייגענע חשבונות, האָט זי מיר אויפגעוואָרפן אַז דאָס פאַרגין איך איר ניט דאָס גליק וואָס ער וועט פּטור פון אַזאַ צרה, אַ שלאַק ווי זי איז...

איך האָב זיך דאַן אַרויסגעכאַפּט מיט אַ נאַרישער באַמערקונג אויף וואָס איך האָב באַלד חרטה געהאַט. עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט כאַפּן צוריק. געמ־לעך: אַז דאָס איז גאָר זי, וואָס פאַר־גינט ניט דער מרס. ראָקפעלער וואָס זי וועט ביי דעם גט אַפּלעקן אַ פעטן ביינ־דעל, אַזוי ווי איר אַמאָליקע שוועגערין... נו, נו, מער האָב איך ניט געדאַרפט! פרעגט שוין ניט וואָס פאַר אַ „סטאַק״ איך האָב פון איר דאַן אַריינגעכאַפּט. זי איז אַרויס מיט אַ מענה־לשון — אַז מיט אַזוינע מענער ווי איך בין, דאַרף אַ פרוי אָפּפינסטערן אירע יאָרן אַ גאַנץ לעבן און קען אַפילו ניט טראַכטן וועגן אַ גט... וואָרים, וואָס אַ שטייגער, פרעגט זי מיך, קען אַ ווייב אַרויסקריגן פון אַזאַ שלימזל אַ מאַן ווי איך בין, אַפילו ווען זי קריגט שוין יאָ אַרויס פון אים אַ גט?... וואָרים וואָס אַ שטייגער, פרעגט זי מיך, קען אַ ווייב אַרויסקריגן פון אַזאַ שלימזל אַ מאַן ווי איך בין, אַפילו ווען זי קריגט שוין יאָ אַרויס פון אים אַ גט?... ביי אַזאַ מאַן ווי דו ביסט אַרויסקריגן אַ גט קען מען קריגן קדחת מיט כשר׳ע פאַ־דים. אַלבעטאַ, זאָגט זי, ווען איך וויל זיך מיט דיר גט׳ן, וואָלסטו נאָך געוואָלט איך זאָל דיר צוצאָלן...

ניט איין מאָל ביי אַזאַ הייסער דע־באַטע, פלעג איך איר געבן צו פאַרשטיין; אַז דאָס גט׳ן זיך מיט זיין ווייב וועט אים קיין סך נחת ניט ברענגען. אַז צו־ליב דעם וועט ער אין ווייסן הויז קיינ־מאָל ניט קענען אַריינקומען. גיט זי זיך אָבער ניט אונטער. פאַרקערט, זאָגט זי, ערשט איצט וועלן אַלע ווייבער מיט אים סימפּאַטיזירן. און איר, דער פּאַסקודסט־ווע אויף צופּיקעניש, וועט ער עלעקטעט ווערן מיט דער גרעסטער מאַדזשאָריטי.

יוואריט, שוין, דאס אליין וואס ער האט געהאט דעם מוט אפצושלאגן מיט יענער כפרות צייגט אז ער איז א מאן מיט כאראקטער און ספעשעל ווען זיין יונג ווייבל וועט אים יעצט ברענגען א בן־זקונים אויף דער עלטער, האט ער כשר פארדינט צו זיין דער פרעזידענט פון די יונאיטעד סטעיטס...

איך לאז אבער אויך ניט אפ און ברענג איר א ביישפיל פון עדעלי סטיווענסאן. איך זאג איר, אז ווען ער וואלט ניט געווען קיין גע'גט'ער, וואלט ער זיכער געווען אריין אין ווייסן הויז. מיין אר־גומענט העלפט מיר אבער גאנץ ווייניק, זי האט אויף דעם א פארטיקן תירוץ, אז זיין דורכפאל האט דוקא ניט צו טאן מיט'ן גט, נאר צוליב עפעס אנדערש. זי טענה'ט אז ער איז דורכגעפאלן ביידע מאל דערפאר ווייל ער האט מיט זיינע רעדעס געוואלט זיך ארויסשטעלן פאר א הומאריסט... און דאס איז געווען זיין גרעסטער טעות. ווייל דער עולם איז ניט קיין גולם און אלע ווייסן אז הומאריסטן זיינען בטבע גרויסע שלימזל'ניקעס. און דאס אלעס וואס עס פעלט אמעריקע, איז האבן א הומאריסט אין ווייסן הויז פאר א פרעזידענט...

בקיצור, צי עס וועט זיין א אינגל, צי א מיידל, צי אפילו גאר א צווילינג, דאס קען מען ניט ווייסן. איך ווייס נאר איין זאך — אז ביי מיר אין הויז טוט זיך מיט די ראקפעלערס אויף טיש און אויף בענק. איך וועל אייך זאגן דעם אמת: איך וואלט שוין וועלן זיין מיט א יאר עלטער און זען, מיט וואס דער קומענ־דיקער עלעקשאן וועט זיך ענדיקן. איין זאך בין איך זיכער, אז די שטימע פון מיין ווייב האט ער ווי ביי זיך אין באַ־קעט... זי פארזיכערט מיך, אז זי וועט ניט רוען ביז ער וועט ניט אריין אין ווייסן הויז. ווייל נאך איר מיינונג קומט גאר אויס, אז ער וועט עלעקטעד ווערן וועט דאס אפילו זיין גוט פאר אונדז אידן אויך. זי טענה'ט: א גוי — אז ער גלייכט אזעלכע אידישע מאכלים ווי בלינצעס, קרעפלעך, קנישעס מיט ווארע־ניקעס, איז א סימן אז ער האט א אידיש הארץ מיט א אידישער נשמה...




אין אונדזער גרויסער ארעמקייט האט געשפילט, ניט קיין קליינע ראלע, אונ־דזערע א ציג וואס דער פעטער נחום האט געגעבן דרשה־געשאנק צו מיינער אן על־טערער שוועסטער צו איר חתונה. דאס איז געווען שוין איינמאל -א ציג! זי פלעגט אונדז געבן מער עגמת־נפש ווי מילך. ערשטנס, פלעגט זי אפט פארפאלן ווערן פאר א גאנצער וואך און מיר האבן ניט געוואוסט וואו איר געביין געפינט זיך. חוץ דעם, וואס אז זי פלעגט זיך אפ־זוכן, האבן מיר נאך ערשט באדארפט זי אויסלייזן פון פרעמדע הענט און באצאלן פארן שאדן וואס זי האט אפגעטאן אין א פרעמדן גארטן, פלעגט זי נאך, צו ד צרות, קומען אהיים אן „אויסגעמאלקע־נע", אן א טראפן מילך אין אירע געדער־רים. אין אלגעמיין איז דאס געווען א ציג פון יענע ציגן וואס ארויסצוקריגן פון זיי א טראפן מילך איז געווען שווערער ווי צו שפאלטן דעם ים... דערפאר האב איך אבער געהאט מיט איר א סך „פאן". איך בין געווען דאס בן־יחיד'ל אין דער משפחה און מיר איז געווען דערלויבט צו טאן זאכן וואס מיינע שוועסטערן וואלטן אפילו ניט געוואגט צו טראכטן וועגן דעם. איך, למשל, בין אויף דער ציג געפארן רייטנדיק ווי אויף א פערד, אין א טיפן שניי האב איך זי איינגע־שפאנט אין א שליטעלע צו שלעפן מיך

אויפֿן בארג ארויף. איך האָב אַמאָל אַפֿילו געפּרואווט איר אונטערשערן איר בערדל. איר בערדל האָט מיר אַלע מאָל דערמאָנט אין אברהם־איצע דעם שנײַדער, וועלכער האָט געהאַט פּונקט אַזאַ בערדל ווי אונדזער ציג... ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, און אין אַ שײַנעם טאָג האָבן זײַנע בני־בית געקראָגן פֿון אים אַ פּיקטשור אָן אַ בערדל. בין איך געוואָרן טשיקאַווע צו זען ווי אַזוי אונדזער ציג קוקט אויס אָן אַ בערדל...

איך מוז אָבער צוגעבן, אַז עטלעכע וואָכן אין יאָר פֿלעגט זי זיך האַלטן סטאַטעטשנע, ניט אַרויסגיין פֿון שטאַל אַפֿילו פֿאַר קיין איין מינוט און אָפּגעבן אונדז אונדזער חלק מילך מיט פּראָצענט. דאָס פֿלעגט פּאַסירן ווען מײַן מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, פֿלעגט זיך אַרײַנלייגן אין קימפּעט... איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען אַ נס מן השמים, צי דאָס איז געווען אַ צופֿאַל. איך ווייס נאָר, אַז בשעת די מאַמע איז געלעגן אין קימפּעט, האָט זיך געגאָסן בײַ אונדז מילך ווי סעלצער... עס איז געווען טאַקע אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: „זבת חלב ודבש“. מיר קליינוואַרג פֿלעגן זיך פּשוט אויסקוקן די אויגן, אַז די מאַמע זאָל זיך שוין לייגן אין קימפּעט. ווײַל מיר האָבן געוואוסט, אַז די ציג וועט אונדז פֿאַרגיטיקן פֿאַרן גאַנצן יאָר און זי וועט אונדז אָפּגעבן איר חוב בכפֿל־כפֿלים...

און אָט אַזוי האָט זיך די מעשה מיט דער ציג געצויגן יאָר איין יאָר אויס. די מאַמע, ליגנדיק אין קימפּעט פֿלעגט זיך קריגן מיטן טאַטן, פֿאָרוואַרפֿן אים, אַז זי האָט מיידלעך דערפֿאַר, ווײַל אין זײַן משפּחה זײַנען געווען גאָלע מיידלעך. און ער, פֿאַרקערט, האָט גע'טענה'ט אַז אין איר משפּחה זײַנען געווען מער מיידלעך ווי אין זײַנער. איך האָב שוין דאַן געהאַט שכל צו פֿאַרשטיין, אַז זיי וועלן זיך אַזוי אָפּקריגן דעם גאַנצן יאָר ביז די מאַמע וועט מיר ברענגען אי״ה אַ נײַע שוועסטערל אויף דער וועלט...

נאָר הערט אויסנע דעם שפּיצל וואָס אָט די נאַרישע ציג האָט אונדז אַמאָל אָפּגעטאָן. געווען איז דאָס אין אַן ערב ערב שבועות, ווען ס'איז אַ מצווה צו עסן מילכיקס. מיר, די קליינוואַרג האָבן זיך דאַן געריכט פֿאַר זייער אַ געהויבענעם יום טוב. ווײַל מיר האָבן געוואוסט, אַז די מאַמע קלייבט זיך אָט־אָט לייגן אין קימפּעט. דערפֿאַר האָבן מיר טאַקע אַ פּאָר וואָכן פֿאַר דער מאַמעס קימפּעט אָפּגעהיט אונדזער ציג ווי אַן אויג אין קאָפּ. מיר האָבן איר אַלעמאָל אונטערגערוקט עפּעס אַ נײַעם מאכל. אַמאָל אַביסל עקסטראַ שאָלעכץ פֿון אָפּגעשיילטע קאַרטאָפֿל, אַמאָל אַביסעלע קלײַען, אַביסעלע פּאַלאַווע; העי מיט שטרוי האָבן־מיר אין איר אַרײַנגעפּאַקט וויפֿיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. זי האָט זיך טאַקע פֿאַר די פּאָר וואָכן אַ שיין ביסעלע צוגעפּיקסט. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקוקט אַזוי גוט, כמעט ניט צו דערקענען...

די נאַכט וואָס די מאַמע האָט אונדז מזכה געווען מיט אַ צווילינג (ביידע מיידלעך) בין איך, אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי, געווען דער ערשטער זיך אַרײַנצוכאַפּן אין שטאַל, געוואויר צו ווערן וואָס אונדזער „מומע סימע־רחל“ טוט? (בשתיקה פֿון טאַטע־מאַמע פֿלעגן מיר די ציג רופֿן מיט דעם צונאָמעניש. ווײַל גייענדיק, פֿלעגט זי האָבן אַ טבע צו אונטערנעצלען, פּונקט ווי אונדזער מומע סימע־רחל פֿלעגט דאָס טאָן). ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אונדזער „גרויסער מילך־געבערין“, איז מיר פֿינסטער געוואָרן אין מײַנע אויגן. איך שטויסט זיך שוין מסתם אָן, אַז די ציג האָט אונדז אַלעמען אָפּגענאַרט: די זעלבע נאַכט וואָס די מאַמע איז געלעגן געוואָרן, האָט זיך אויך אונדזער ציג אַוועקגעלייגט אין

קימפעט מיט אַ צווילינג... און „בעליוו־איט־אָר־נאָט" — ביידע ציגעלעך זיינען געווען פון דעם זעלבן מין, ד.ה. „מיידע־לעך", פונקט, להבדיל, ווי מיינע צוויי שוועסטערלעך...

איך פאַרשטיי דאָך, אַז אַלע אונדזערע האָפענונגען פאַר דאָס ביסל מילכיקס אויף שבועות, איז צערונען געוואָרן און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. זי האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר ציי־גענע אויגן וואָס האָבן אויסגעדרוקט שולד, רחמנות, בושה און חרטה. ווי זי וואָלט מיר זאָגן: „נו, האָסט זיך גערעכנט אויף אַזאַ התונה'קע אין אן ערב שבו־עות?... נאַ, דיר אַ קימפעטן צו מיינע צרות! איך האָב דאָס באַדאַרפט האָבן ווי אַ לאָך אין קאָפּ... דערביי האָט זי מיט מאַמישער ליבע אַ לעק געטאָן ביידע ציגעלעך, האָט ווידער אָנגעשטעלט אויף מיר אַ רחמנות פּנים, ווי זי וואָלט מיר געזאָגט: „דו זעסט דאָך. איך בין דאָך פאַרט אַ מאַמע. איך מוז זיי צוזען אָט די אומשולדיקע באַשעפעניש, אײדער זיי שטעלן זיך אויף זייערע פיסלעך. וועסט שוין דערפאַר מוזן וואַרטן ביז איך וועל קומען אַביסעלע מער צו זיך".

איך בין געשטאַנען נעבן דער ציג ווי אַ פאַרשולדיקטער; ווי זי וואָלט מיך גע־טרייסט: „ניט געזאָרגט! די וועלט גייט נאָך ניט אונטער. מען דאַרף נאָר האָבן בטחון. דיין מאַמע וועט נאָך אי"ה נעקס־טען יאָר ווידער ליגן אין קימפעט און איך וועל זיך ווייטער לאָזן מעלקן...

טיף אין האַרצן האָב איך טאַקע גע־פילט, אַז די ציג איז גערעכט, און מיר, די קליינוואַרג, האָבן בלית ברירה גע־מוזט וואַרטן אויף „מילכיקערע טעג" אין דער צוקונפט.



# "אַ סאָסייעטי באָערט מיך מיט אן איווענט" . . .

עס קומט מיר אויס גאַנץ אָפט צו פאַר־לעזן מיינע הומאָרעסקעס אין פאַרשי־דענע סאָסייעטיס, קולטור קלובן, סיניאָר סיטיזענען קלובן און אז.וו. איינמאָל רופט מיך אָפּ דער וויים־פּרעזידענט פון אַ קלוב וואו איך בין אַן אָפטער גאַסט, און זאָגט מיר, איך זאָל זאָל ארויפקומען צו אים אין הויז. ער דאַרף מיט מיר רעדן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין. איך קום צו דער באַשטימטער צייט, גייט ער צו גלייך צום פּסוק: ער האָט, זאָגט ער, אריינגע־טראָגן אַ פאָרשלאַג צו דער עקזעקוטיווע אַז מען זאָל פאַר מיר מאַכן אַן ערן־איווענט. ער גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז אַ הויז דער עקזעקוטיווע, דאַרף עס דורכגיין נאָך עטלעכע קאָמיטעס. דערביי האָט ער מיר אויסגערעכנט, אַזוי פיל קאָמיטעס, אַז די קאָפּ האָט זיך מיר אַזש פאַרדרייט: אַ הויז קאָמיטע, אַ רולס קאָמיטע, אַן אַד־וויזאָרי קאָמיטע, אַ פינאַנץ קאָמיטע, אַ פּלאַניר קאָמיטע און אַן ענטערטיינינג קאָמיטע. יעדע קאָמיטע באַזונדער האָט באַדאַרפט שטימען וועלכע קאָמיטע איז פּאַסיק זיך אָפּצוגעבן מיט אָט דעם פאָר־שלאַג. ער דענקט אָבער, אַז דאָס וועט איבערגיין צו דער הויז קאָמיטע. איז אויב אַפילו עס וועלן זיין חילוקי דעות וועגן דעם, וועט ער ניט האָבן קיין שווע־ריקייטן דאָס דורכצופירן, ווייל דער טשערמאַן פון דער הויז קאָמיטע איז זיי־נער אַ מחותן און אַזוי ווי דער לאָקאַל איז זייערער אַן אייגענער, וועט ער

פועל'ן ביי זיין מחותן, אז איך זאל קריגן דעם לאקאל פריי.

ער צייגט מיר א חשבון אז די אויסגאבן וועלן זיין זייער קליינע. ער רעכנט אויס אז עס זיינען דא אריבער 250 סיטס און מיט אזא קליינער הוצאה וועט זיין כלו־ריווח. דערביי איז ער מיר מגלה־סוד, אז ער אליין זינדיקט אויך אונטער מיט דער פען, אז ער האט שוין כמעט א פארטיקע ביאגראפיע, זכרונות פון זיין לעבן. און ער האלט אויך איצט אין פארענדיקן א ראמאן פון „זינדיקע כלות"... עס דארף זיך נאר אפזוכן א רעדאקטאר און עס דרוקן אין פארטזעצונגען אדער אין א בוך־פארם. דערביי גיט ער מיר אנצוהערעניש, צי קען איך אים מיט עפעס ביהילפיק זיין, זיך אנפרעגן ביי א פאר רעדאקטארס וועגן דעם דאזיקן ענין. איך האב אים גלייך געענטפערט, אז איך אליין בין ניט אזוי שוה־בשוה מיט מיינע רעדאקטארן, אמאל בין איך ברוגז אויף זיי, פארוואס זיי איילן זיך ניט צו דרוקן מיינע שריפטן, און אמאל זיינען זיי ברוגז אויף מיר וואס איך דריי זיי צופיל א ספאדעק וועגן דעם...

בקיצור, אין א פאר טעג ארום רופט ער מיר אפ א באגייסטערטער, אז די קאמיטע האט איינשטימיק אנגענומען, אז דער אוונט זאל פארקומען אין א שבת, פונקט אין צוויי מאנאטן ארום און מיר קענען באצייטנס אנהויבן אנגיין מיט אונזער ארבעט. מיר ארבעטן ביידע אויס פלענער פון אוונט. איך גיב אים אן דעם נאמען פון מיינער א גוטער באקאנטע, וועלכע איז א באגאבטע זינגערין, און ער דארף דאס נאר איבערגעבן צו דער ענטערטיינינג קאמיטע פאר זייער גוטהייסונג. דעם זעלבן טאג גייען מיר ביידע אריין צום דרוקער און ער גיט אים אן אן ארדער פאר גאנצע 400 טיקעטס. איך פרעג אים: היתכן? דער פלאץ האט דאך פלעצער פאר בלויז 250? ענטפערט ער מיר: „וואס ארט עס אייך? לאזט עס צו מיר. ס'איז קיין היזק ניט, זאגט ער, אין דעם פרייז, צי ס'איז מיט א הונדערט טיקעטס מער אדער ווייניקער".

בקיצור, אין א פאר טעג ארום רופט ער מיך אפ און בעט מיך איך זאל זיך מטריח זיין, אריינגיין צום פרינטער, באצאלן אים $12 פאר די טיקעטס און זיי ארויספברענגען צו אים אין הויז. איך פרעג אים פארוואס דווקא איך דארף אויסלייגן דאס געלט פאר די טיקעטס? ענטפערט ער מיר, אביסעלע ברוגז, אז ער חידוש'ט זיך אויף מיר למאי איך שטעל אים גאר אזא פראגע. „נאך אלעמען, זאגט ער מיר, איז דאך דאס אייער אוונט. דעם האל קריגט איר פריי. ניט אלע זיינען זוכה צו אזא כבוד. דערפאר דארף איך גאר ניט מאכן קיין ווען וועגן דעם. נאכ'ן אוונט וועט מען אויסגלייכן אלע חשבונות...

בקיצור, איך טראג אים ארויף די טיקעטס, צעטיילט ער גלייך די 400 טיקעטס אויף צוויי חלקים. דערלאנגט מיר 200 טיקעטס, הייסט מיר סיינען פאר זיי... און זאגט מיר: „זאל זיין מיט א סך מזל". איך קוק אים אן און חידוש זיך ווידער. ערשטנס, פארוואס קומט עפעס אויס אויף מיין חלק גאנצע 200 טיקעטס, ווען דער פלאץ קאן אריינגעמען בלויז ביי 250? ענטפערט ער מיר אויף ביידע פראגן, אז ער ווייסט פון א סך גרויסע שרייבער וועלכע האבן פארקויפט טיקעטס פאר זייערע אייגענע אונטערנעמונגען; און וואס איז שייך דער צאל פון די טיקעטס, איז ווענדט זיך ווי אזוי מען שטעלט אוים די בענקלעך...

דערווייל האבן זיך מיינע פריינט דערוואוסט וועגן מיין אוונט און עס איז אוועק ווי איך האב זיך פארגעשטעלט. א סך פון זיי האבן ביי מיר גענומען צו 10 און 15 בילעטן מיטאמאל, און אין משך פון דער ערשטער וואך איז ביי מיר ארונטער אריבער 100 בילעטן. פון גרויס

שמחה רוף איך אפ מיין ווייס־טשערמאן און דערציי'ל אים וועגן דעם גרויסן סוק־סעס מיט די טיקעטס און פרעג אים : ווי האלט איר מיט אייערע טיקעטס ? ענטפערט ער מיר ניט אויף מיין פראגע, נאר ער שלאגט מיר איבער אינמיטן און פרעגט גאר מיר א פראגע, פארוואס איך ברענג אים ניט ארויף דאס געלט וואס איך האב איינגעקאלעקטעד פאר די טי־קעטס... ווייל ער איז פאראנטווארטלעך צו דער פינאנץ קאמיטע. איך זאל זען איינקאלעקטן די פאר דאלער ביי מיינע פריינט, ווייל מארגן האבן זיי וועגן דעם א ספעציעלע אסיפה...

בקיצור, איך קום אהיים, דערציי'ל עס מיין אידענע, זאגט זי מיר, אז עפעס געפעלט איר ניט די גאנצע מעשה. דאס געלט פאר די טיקעטס — זאג זי — האסטו אויסגעלעגט, האסט פאר זיי גע־סיינט און האסט זיי אליין פארקויפט. זע נאר צי זיי פירן דיר ניט אין באד אריין...

דערווייל האט זיך די ניעס וועגן מיין אוונט פארשפרייט צווישן מיינע צאל־רייכע פארערער, און אויף דער צווייטער וואך בין איך פארטיק געווארן מיט אלע מיינע טיקעטס. פארשטייט זיך, אז איך האב דאס גאנצע ביסל מזומן אוועקגע־טראגן גלייך צום ווייס־טשערמאן און איך פרעג אים ווידער, וואס עס הערט זיך מיט זיינע טיקעטס. ענטפער ער מיר, אז ביז יעצט זיינען זיי אלע „ביזי" מיט זייער גרייטן זיך פאר זייער פינף יאריקן יובי־לעאום וואס פאלט אוים מיט א פאר וואכן פריער פון מיין אוונט, ווילן זיי ניט אז ס'זאל זיך מישן איינס מיט'ן אנדערן. דערפאר לאזן זיי עס איבער פאר נאכ'ן באנקעט. דערנאך וועט מען ביי זיי צע־כאפן די טיקעטס ווי מצה־וואסער... בינו־לבינו גיט ער מיר אנצוהערן, אז א־ס ערן־מעמבער זאל איך קויפן צוויי טיקעטס צו זייער באנקעט. עס קאסט אינגאנצן זיבן דאלער א קאפל, און צווייטענס — אויב איך וויל אים ארויסהעלפן מיט נאך עטלעכע טיקעטס צו מיין אוונט, וועט ער מיר דאס געבן בכבוד גדול...

בקיצור, עס האט מיר עפעס ניט גע־פאסט אים אפצוזאגן. קויף איך ביי אים צוויי טיקעטס צו זייער באנקעט און נעם ביי אים נאך עטלעכע טיקעטס פון מיינע, קום אהיים און דערציי'ל דאס מיין אי־דענע, כאפ איך פון איר א פרישן פסק און זי זאגט מיר, אז ביז יעצט האט זי ניט געוואוסט, אז איך קום פון כעלם...

נאכ'ן באנקעט רופט מיך אפ דער ווייס־טשערמאן און דערציילט מיר, אז ער האט פיל עגמת נפש פון דער ענטער־טיינינג קאמיטע. זיי טענה'ן, אז מיין פארלעזן מיט בלויז איין זינגערין איז ניט גענוג צו אויספילן אן אוונט. זיי ווילן, ניט אנדערש, מען זאל צוגעבן כאטש נאך איין זינגער מיט א פיאנא שפילערין. דערביי טרייסט ער מיך, אז מ'קען ביידע זאכן קריגן פאר זייער א מעסיקן פרייז, ווייל זיין מחותנ'ס א זון איז א באגאב־טער זינגער און זיין שנור איז א טא־לענטירטע פיאנא־שפילערין; דאס העכ־סטע וואס וועט קאסטן איז א פינף און צוואנציקער... און פאר „טונען" די פיא־נא נעמט ער זיך אונטער קריגן איינעם פאר ניט מער ווי 10 דאלער. איך הער אים אוים און שטעל אים א פשוט'ע קלאץ קשיה : מילא דער זינגערין מיט דער פיאנא שפילערין לעגט זיך נאך אויפ'ן שכל, אבער פארוואס דארף גיין אוף מיין חשבון צו טונען די פיאנא ווען איר „יוזט" זי א גאנץ יאר ? ענטפערט ער מיר, אז איך בין טאקע גערעכט, און אז דאס איז אויך געווען זיין טענה ביי דער ענטערטיינמענט קאמיטע. איז אבער פארבונדן דערמיט א גאנצע מעשה, זיי האבן א געגן־טענה; ביי זיי גייט דאס אין א פרינציפ. זיי טענה'ן, אז די הויז־קאמיטע האט ניט געהאט קיין רעכט צו געבן מיר דעם לאזאל פריי, ניט באר־

טענדיק זיך פריער מיט זיי. על־כן איז ניט מער ווי רעכט, אַז די הוצאה פון אַ פּאָר קלייניקייטן זאָל גיין אויף מיין חשבון...

איך קום אַהיים אַ צעדרומטשעטער, און דערצייל דאָס מיין אידענע. צעשריין זי זיך אויף מיר און זאָגט מיר: „ווען זיי שטעלן זיך מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, וואָלטן זיי ביי מיר ניט אויסגעפירט! און וואָס וועסטו טאָן, אַז ס'וועט ביי זיי אָנהויבן רינען פון סילינג, וועט מען דאָס אויך פּיקסן אויף דיין פּאַקעט?"

איך ווייס ניט פאַרוואָס ס'איז איר פלוצלונג איינגעפאַלן צו פרעגן אַזאַ מאָדנע קלאָץ־קשיה? איך ווייס נאָר — בעליוו איט אָר נאַט — אַז זי האָט זיך, ווייזט אויס, אַרויסגערעדט אין אַזאַ מינוט און איר נבואה איז טאַקע מקוים געוואָרן... אין אַ שיינעם טאָג לאָזט ער מיר וויסן, אַז אויב כ'וויל זיך מיט אים דורכשמועסן עפּעס וועגן מיין אַוונט, קען איך אים טרעפן אַ גאַנצן טאָג אין לאָקאַל, ווייל ער דאַרף זיך דאָרטן טרעפן מיט אַ „רופער" און מיט'ן גלעזער. דער נעכטיקער שטורעם האָט דורכגעלעכערט דעם רוף און האָט אויסגעבראָכן אַ פּאָר שויבן.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָט מיר שוין אָנגעהויבן צו באַנג טאָן אויף דער גאַנצער געשיכטע. עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט אויף כאַפּן צוריק. דערמיט האָט זיך אָבער נאָך ניט פאַרענדיקט דאָס גרייטן זיך פאַר מיין אַוונט. אַ פּאָר טעג פאַר'ן אַוונט, לאָזט ער מיר וויסן, אַז די הויז־קאָמיטע האָט באַשלאָסן אַז מען זאָל אַרויסטראָגן די הויכע פּלאַטפאָרמע פון בייסמענט. ווייל, צוליב מיין נידעריקן וואוקס וועט די רעגעלע פּלאַטפאָרמע ניט טויגן. „איך האָב זיך, זאָגט ער מיר, דורכגעשמועסט וועגן דעם מיט'ן „סופּער". האָט ער מיר אָבער געוואָרנט, אַז אויב מען וועט אוועקשטעלן די הויכע פּלאַטפאָרמע, וועט מען מוזן פריער צופּיקסן ידעם פלאָר. ווייל אַניט קען נאָך חלילה טרעפן דאָס וואָס לעצטן יאָר מיט ידעם לעקטשורער, וואָס האָט שיער ניט געטראָפן קיין אמת'ע קאַטאַסטראָפע, ווען מ'כאַפּט זיך ניט אין צייט... דערפאַר האָט מען טאַקע דאַן די פּלאַטפאָרמע אַרונטערגענומען אין בייסמענט. דערפאַר האָט די קאָמיטע באַשלאָסן מען זאָל צופּיקסן דעם פלאָר. די גאַנצע געשיכטע וועט קאָסטן געציילטע עטלעכע שמאַליאַרעס. עס וועט אָבער האָבן אַן אַנדער פּנים, און איר וועט, לכל הפחות, זיין באַוואָרנט קעגן אַ „דורכפאַל"... איך פאַרשטיי דאָך אַז דעם „דורכפאַל" האָט ער ניט געמיינט דווקא פון מיין פאַרלעזונג, נאָר טאַקע פּראָסט און פּשוט, אַז די פּלאַטפאָרמע זאָל ניט „דורכפאַלן" אין בייסמענט מיט מיר צוזאַמען...

וואָס טויג אייך חכמות? מיט'ן פּיקסן דעם פלאָר האָבן זיך די אסיפות ביי די קאָמיטעס פאַרענדיקט. צו מיין אַוונט האָט דער לאָקאַל אויסגעקוקט „ספּיק און ספּען", אַזוי ווי ערשט פון נאָדל אַרויס. צוליב מיין הויכער פּלאַטפאָרמע, האָט מען שוין פאַרלאַטעט די איבעריקע שטיקער פון פלאָר. אַזוי איז אויך געווען מיט דעם סילינג. אַלעס איז געגאַנגען אויף מיין חשבון... און ס'איז טאַקע געווען אַ גליק, וואָס מען האָט דעם גאַנצן סילינג פאַרלאַטעט. ווייל דעם אַוונט האָט געכליאַפּעט אַ רעגן, געגאָסן ווי אַ מבול. פונדעסטוועגן, מיינע קעגנער אויף להכעיס, איז דער לאָקאַל געווען געפּאַקט. דער עולם האָט מיך אויפגענומען זייער ענטוזיאַסטיש. איך האָב זיי דערלאַנגט די אמת'ע סחורה און זיי האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

נאָך מיין פאַרלעזונג, האָט מיר דער ווייס־טשערמאַן איבערגעגעבן דאָס גאַנצע ביסל מזומן, מיט אַן אויסגעשריבענעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה. אַלעס האָט ביי אים געשטימט ביז אַ

פּעני. דאָס מאָל האָט ער מיר אויך דערלאַנגט אַ פּאַפּיר אונטערצושרייבן און האָט מיר אויך דערלאַנגט אַ פּעקל מיט 150 ניט פאַרקויפטע טיקעטס...

די טיקעטס ליגן ביי מיר אויפ'ן דעסק. איך שעפּ אַ כּך נחת זעענדיק מיין נאָמען געדרוקט מיט גרויסע אותיות. און זיי קומען מיר גוט צונוץ, ווייל אַז איך שרייב עפּעס, פאַרשווענד איך אַ מאַסע פּאַפּיר. איך האַלט אין איין פּאַטשקען און מעקן, ביז עס קומט ביי מיר עפּעס אַרויס נאָך מיין געשמאַק. איז יעצט פּאַטשקע איך אויף דער לעדיקער זייט פון מיינע איבערגעבליבענע טיקעטס. איך פאַרצייכן אויך אויף די טיקעטס פאַרשיידענע זאַכן וועו מיין אידענע שיקט מיר עפּעס איינצוקויפן... ווען איך דערלאַנג דעם בוטשער מיין אדרעס און ער דערזעט אויף דעם טיקעט אָפּגעדרוקט מיין נאָמען, קריג איך ביי אים אַ בעסער שטיקל פלייש מיט אַן עקסטרא פּאָר ביינער...



# „אין פלאַטינגאַ פּאַרק" ...

ווען איך בין געקומען אין פּאַרק, ווי דער שטייגער איז, שבת נאָכן טשאָלענט צו אונזערע „זיצונגען", איז שוין דער טומל דאָרטן געווען גאַנץ ניש'קשה'דיק. די לינקע חברים זענען שוין געווען אויסגעזעצט אויף דער „לינקער" באַנק און האָבען זיך דורכגעוואָרפן מיט שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון די רעכטע גענאָסן.

איר ווייסט מסתם, אַז די בענק אין פלעמינגאַ־פּאַרק זענען איינגעטיילט אין טעריטאָריעס: אַ רעכטע באַנק, אַ לינקע באַנק, אַ באַנק פאַר פרומע אידן וועלכע פאַרזאַמלען זיך דאָ נאָך שלוש־סעודות, שמועסן אביסעלע וועגן פּאָליטיק, כאַפּן אַ מנחה־מעריב און זיינען סוף חודש מחדש די לבנה.

ביי יעדער באַנק באַזונדער דרייט זיך די גאַנצע פּאָליטיק אַרום „נאָרט אָן סאָוט וויעטנאַם", און אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד דריקט דאָ יעדער אויס אַ מיינונג נאָך זיין השגה און נאָך זיינע באַגריפן. אָט, למשל, היצט זיך וועלוול — אַ געוועזענער קאַטער ביי קלאָוקס. ער טענה'ט אַז אונזער פּרעזידענט האָט זייער קלוג געהאַנדלט וועגן וויעטנאַם און זיין מיינונג איז, ווען דער קאָנגרעס שטערט אים ניט אויף טריט און שריט, וואָלטן מיר געהאַט איינעם פון די בעסטע פּרעזידענטן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע. נאָך זיין טעאָריע קומט אויס, אַז אַ פּרעזידענט איז געגליכן להבדיל צו אַ — „קאַטער", און דער גאַנצער קאָנגרעס וואָלט באַשטאַנען פון גאָלע „אָפּערייטאָרס"... איך קענט — זאָגט ער — זיין דער בעסטער קאַטער און צושניידן אַ גוטן מלבוש, נאָר קוים פאַלט דאָס אַריין צו אַ קאַליקע אין די הענט, באַגראָבט ער דאָס אַזוי, אַז עס וועט שוין קיין תחית־המתים ניט אויפשטיין...

פיניע דער בעקער היצט זיך ניט און רעדט דווקא געלאַסן. ער דריקט אויס כמעט די זעלבע מיינונג, נאָר אויף אַ פאַרקערטן אופן. ער ברענגט דעם ענין אויך גאַנץ „פילאָזאָפיש", אַז על־פּי־שכל איז דער פּרעזידענט גאָר געגליכן, להבדיל צו אַ בעקער, און דער קאָנגרעס איז ניט מער ווי דער באַק־אויוון, אַזוי צו זאָגן... „אַ גוטער בעקער, זאָגט ער, אַז ער טוט אַריין די ריכטיגע פּאָרציע הייוון און באַרקנעט אַ גוטע ראַזשטשינע, וועט אַלעמאָל אַרויסקומען אַ געראָטענער קוילעטש...

אָבער אויב דער בעקער איז א קאַליקע, וועט אייך ניט העלפן קיין חכמות, א הייסער אויוון מיט א קאַלטן אויוון און עס וועט ארויסקומען ניט קיין קוילעטש נאָר סתם א שטיק פאַרזועהעניש...

קייבקע דער שוסטער, וועלכער איז אַביסעלע שטומפּיג אויף זיין לשון, ער וואַרפט אויך אריין א וואָרט און מאַכט דאָס בקיצור: ווען ער, זאָגט ער, איז דער פּרעזידענט, פאַרטיגט ער זיך אָפּ מיט די קאָמוניסטן איינס און צוויי, אַזוי גרינג, ווי אריינצוקלאַפּן א פלעקל אין א פאָדעשווע...

נאָך די אַלע דיסקוסיעס בין איך אוועק צו דער באַנק וואו אונזער סאָסייעטי האַלט אָפּ אירע זיצונגען. דאָרט זענען שוין כמעט אַלע פראַגן מיט די אָנגעווייטאָגטע וועלט פּראָבלעמען געווען געלייזט. אַלץ וואָס האָט געפעלט איז געווען די איינציגע שטימע, אָן וועלכער מען האָט ניט געקענט אָננעמען קיין רעזאָלוציע, א שטימע, וואָס האָט געקענט צו יעדער צייט „וועטאָאירן״ אַלע אונזערע באַשלוסן, דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי ברודער ברוך אליין, בכבודו ובעצמו, טאַקע דער ווירדיגער פרעזידענט פון אונזער סאָסייעטי.

אָט דער ברודער ברוך איז ביי זיך א איד א תקיף: א גבאי אין שוהל, א פּרעזידענט אין א סאָסייעטי, א מאַכער ביי חברה קדישא, מאַכט הספדים נאָך פאַרשטאָרבענע ברידער. ער, ברוך, אַז ער קנאַקט אָפּ א הספד נאָך א ברודער, וועט דער פאַרשטאָרבענער ברודער ניט האָבן קיין שוועריקייטן אריינגיין גלייך אין גן־עדן אריין...

שוין צוליב די הספדים אליין האָט זיך קיינעם פון אונדז ניט געלוינט זיך איינצורייסן מיט ברודער ברוך. ווייל ער איז פאָרט דער אינגערער אין אונזער סאָסייעטי. און מיר די עלטערע, כאָטש מיר זאָגן דאָס ניט ארויס, פילן מיר אָבער ביי זיך, טיף אין הארצן, אז פריער־שפעטער וועלן מיר דאָך מוזן פאַרגיין דורך זיינע הענט. זוי' ניט גיין ברודער ניט פאַר קיינעם געמוטשעט, האָט ער שוין ארויסגע'פּטר'ט אויפן עולם האמת. דערפאַר טאַקע רופן מיר אים, הינטער זיינע פלייצעס: „ברוך שפּטרנו״...

ווען דער עולם האָט זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט אַלע זייערע רעזאָלוציעס איז שוין געוואָרן גאַנץ טונקל. פון אַלע דעבאַטן מיט די דיסקוסיעס האָט זיך מיר אַזש געדרייט די קאָפּ און ס'האָט מיר געזשומעט אין די אויערן. פונדעסטוועגן האָב איך באַשלאָסן צוגיין צו דער שלוש־סעודות באַנק, זען וואָס עס טוט זיך אין זייער לאַגער. ווען איך האָב זיך געלאָזט גיין אין זייער ריכטונג, האָב איך באַמערקט אַז די בענק פון אַלע „פּאַרטייען״ זענען שוין געווען כמעט ליידיק. פונדערווייטנס האָב איך דערזען א גאַנצע עדה אידן, וועלכע זענען שוין ניט געזעסן נאָר דווקא געשטאַנען; ניט צעטיילט אין גרופּן ווי פריער, נאָר זיי זיינען אַלע געווען צונויפגעקוועטשט ווי אין א מין קאַראַ... עולם איז עפּעס אַזוי האַפּעדיק, אויפגעלייגט. מען טאַנצט עפּעס אַזוי אונטער, אָט פונקט ווי זיי וואָלטן געשפּרינגען קדוש: איך הער פון דער ווייטנס, איך וואָלט שווערן ווי מען שריים זיך איינער צום צווייטן „שלום עליכם, עליכם שלום״!...

איך גיי צו נענטער און וואונדער אייך נאָך איך וואונדער: דאָ האָב איך ערשט ריכטיק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון דעם פּסוק: „כל ישראל חברים״. אָט ערשט האָבן אידן זיך געאַמפּערט, געריסן ביי די נעזער. איצט שטייען אַלע: רעכטע, לינקע, ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן. מען האָט זיך פאַרגעסן אין אַלע קריוודעס. אַלע, ווי איינער, האַלטן די קעפּ פאַרריסן צום אויסגעשטערנטן הימל, שאָקלען זיך, און מיט גרויס כוונה זיינען זיי אַלע מקדש די לבנה...



# שידוכים אין מיאַמי ביטש...



אַ „פּיפּיקע" אלמנה, וועלכע האָט דאָ פאַרמאָגט אַ „גלאַט כשר'ן" האָטעל, און איר ביזנעס זיינען דעם סעזאָן ניט געגאַנגען אַזוי פייגלדיק, האָט זי באַשלאָסן צו „אימפּרואוון" אַביסעלע דעם האָטעל. — איז זי געפאַלן אויף אַ קלוגע המצאה. זי האָט אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג צווישן „פריינט און באַקאַנטע, אַז זי וואָלט געווען וויליק צו חתונה האָבן מיט אַן אלמן, וועלכער פאַרשטייט אַביסעלע אין קאַרפּענטעריי און וואָלט זיך אונטערגענומען צו זיין אַ „הענדי־מאַן" אין איר האָטעל, אויף פּראָבע פאַר אַ שטיקל צייט...

עס האָט זיך טאַקע באַלד אָפּגעזוכט איינער וואָס האָט אויסגעקוקט, אַז עס האָלט געווען גאָר ניט קיין קרומער שידוך. ביי זייער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט זי אים טאַקע גלייך געגעבן אָנצוהערעניש, אַז פריער דאַרף זי זען צי ער טויג זיך אויס פאַר דער מלאכה, דערנאָך וועט מען ריידן תכלית...

בקיצור, דער איד האָט פאַרקאַטשערט די אַרבל, ער האָט זיך גענומען מיט אַזאַ חשק צו דער אַרבעט, פונקט ווי דער האָטעל וואָלט שוין טאַקע געווען זיינער. ווען ער האָט איר אויסגעפיקסט אַלע רומס און אַלץ האָט אויסגעקוקט „ספּיק ענד ספּען", האָט זי פאַרדרייט מיט דער נאָז, האָט אים אויף אַן איידעלן שטייגער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ניט דאָס האָט זי געמיינט, אַז זיין אַרבעט, הייסט עס, טויג אויף כפּרות און עס קאָן ביי זיי צו קיין שידוך ניט קומען. ווען זי איז פּטור געוואָרן פון דעם קאַרפּענטער, האָט זי אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז זי איז גרייט צו חתונה האָבן מיט אַ גוטן פּעינטער...

דאָ, אין מיאַמי־ביטש, נעמט ניט לאַנג דורכפירן אַזוינע „טראַנזעקשאָנס"... האָבן זיך טאַקע באַלד אָפּגערופן אַזוי פיל פּעינטערס, אַז דער קאָפּ האָט זיך ביי איר אַזש פאַרדרייט. אַ סך פון זיי זיינען געקומען מיט זייערע „בראָשעס און טולס"... זיינען געווען גרייט צו „שטעלן" אַ חופּה און זיך טאַקע גלייך „שטעלן" צו דער אַרבעט...

בקיצור, זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ געזונטן אידן, מיט אַ פּאָר קרעפּקע ידים און ער האָט פאַר איר געמאַכט אַ דזשאָב, אַז דער האָטעל האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים, שפּאָגל־נייַ אַזוי ווי ערשט פון דער נאָדל אַרויס...

דאָס מאָל האָט זי אויך אָפּגעשלאָגן כפּרות מיטן פּעינטער און האָט זיך באַטראַכט, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט צו ביטן פון „גלאַט כשר" אויף — „סטריקטלי כשר" און דערצו פאָדערט זיך אַ משגיח...

איך ווייס ניט צי איר וועט מיר גלויבן: נאָר ס'האָבן זיך צו איר געיאָוועט נאָך מער משגיחים ווי פּעינטערס... עס זיינען געקומען אידן מיט בערד און אָן בערד, אידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און אידן מיט קורצע רעקלעך. זי האָט אָנגעשטעלט איינעם אויף די, זעלבע „קאָנדישאָנס" ווי אירע פריערדיקע קאַנדידאַטן. זי האָט אים געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אַ משגיח מוז דווקא, ניט נאָר אַכטונג געבן אויף כשרות, נאָר ער דאַרף אויך אַכטונג געבן, אַז די קאַרפּעטס אין די צימערן זאָלן זיין ריין און די מאַטראַצן מיט די בעטן זאָלן זיין אין אָרדער א.א.וו.

און דאָ האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער משגיח איז געווען נאָך מער פּייאַיק פון דעם פּעינטער מיטן קאַרפּענטער צו־

זאמען. דערפאר האט זי אים געלאזן ארבעטן אביסעלע לענגער. — ער האט אבער געהאט ביי איר דעם זעלבן סוף און פון דעם שידוך איז אויך גארניט געווארן. דער „סקים" איז אבער איה ניט אפגעגאנגען אזוי גלאט. ווייל אין א שיינעם טאג האבן זיך אירע דריי „קרבנות" צופעליק געטראפן אין פלעמינגא־פארק. זיי האבן זיך צערעדט וועגן זייער אומגליק און האבן אויסגעפונען אז זי האט זיי אלעמען געפירט אין באד אריין, און זיי האבן זי אנגעקלאגט אין קאורט. ביים טרייעל האט זי גע'טענה'ט אז דער קארפענטער האט ניט געוואוסט ווי אריינצוקלאפן א טשעוועקל אין וואנט און דער פעינטער האט ניט געוואוסט ווי מען האלט א פינדזל אין האנט, און דער משגיח איז סתם א שלימזל, און ווייסט אפילו ניט וואס א משגיח מיינט. דער „רזשאדזש" איז אבער געווען א שטרענגער און האט גע'פסק'נט: אז חתונה האבן מיט זיי קאן ער זי טאקע ניט צווינגען. זי מוז אבער באצאלן פאר דער צייט וואס זיי האבן פאר איר געארבעט. ער האט איר געגעבן א פאר וואכן צייט זיך אויסגלייכן מיט זיי. טאמער ניט, וועט ער זי מוזן באשטראפן מיט א גרויסער סומע געלט פאר איר שווינדל.

בקיצור, זי האט די גאנצע „טראיקע" איינגעלאדן צו זיך אין האטעל. דערווייל האט זי דערשמעקט אז זיי פארמאגן א פאר דאלער. האט זי מיט זיי אזוי לאנג געארבעט מעשים, ביז זי האט זיי איינגערעדט אז זיי זאלן מאכן א קאאפעריישאן, ווערן, הייסט דאס, פארטנערס צו איר געשעפט... עס האט ניט גענומען לאנג, האט זי ביי זיי אויסגענארט די פאר גראשן און איז איינגאנצן נעלם געווארן. — איצט האלטן זיי זיך נעבעך מיט זייער שלימזל'דיקן האטעל און זיי אליין פרואוון זיך איצט באנוצן מיטן זעלבן 'סקים' ווי זייער פריערדיקע באלעבאטע. ד.ה. זיי אליין האבן ארויסגעלאזן א קלאנג, אז יעדער פון זיי איז גרייט צו טאן א שידוך מיט ווייבער, וועלכע זיינען ווילּיק צו ארבעטן ביי זיי א שטיקל צייט אויף פראבע... דער משגיח וואלט וועלן חתונה האבן מיט איינער וועלכע קאן זיין א כשר'ע קעכין. דער קארפענטער זוכט אזא וועלכע קאן זיך אויסטויגן פאר א טשעימבערמעיד און דער פעינטער זוכט אזא, וועלכע איז ווילּיק צו זיין א ווייטערקע אין א כשר'ן האטעל. זיי האבן אבער אלע דריי געמאכט דעם חשבון אן דעם באלעבאס. זיי האבן זיך פארגעסן, אז ווייבער לאזן זיך אזוי שנעל ניט כאפן אויף דער ווענדקע ווי די נארישע מענער...

קאנדידאטקעס יאווען זיך דווקא נענוג. נאר אז זיי דערהערן דעם פזמון „זיך שטעלן אויף פראבע", ענטפערן זיי אלע, קורץ און שארף: פריער „שטעלט" מען א חופה, דערנאך „שטעלט" מען זיך אויף פראבע... חוץ דעם, ווילן זיי אלע כתם וויסן וויפיל פראפיט דער האטעל ברענגט אריין, וויפיל די מענער פארמאגן און צי זיי האבן עפעס אינשורענס פאליסיס, וואס זיי קאנען איבערשרייבן אויף זייערע נעמען... היינט גיי טו א שידוך מיט אזוינע ווייבער...

נו, איז ווי איר זעט, ניט אלע שידוכים גיבן זיך דא איין. דערפאר זיינען אבער דא אמאל אזוינע גרינגע שידוכים וואס ווערן דורכגעפירט, איינס און צוויי און עס גייט ווי געשמירט. אט וועל איך אייך דערציילן פון איינעם אזא גרינגן שידוך: איר מעגט דאס הערן. דא, קיין מיאמי־ביטש קומען אריין, אין סעזאן, ניט נאר קיין גבירים־אדירים, נאר אויך אזוינע קבצנים, דלפנים, שלעפערס, סתם ליידיקגייערס, אדער ווי מען רופט זיי דא „טראמבעניקעס" לעצטנס, דרייט זיך דא ארום אזא טראמבעניק איבער אלע קאפעטעריעס, אין די „דאש־אוערס", — בשעת דער עולם איז ביזי ביי די קאנטערס. האט ער זיך געמאכט אזא מין „רעקעטל": ער וואטשט אפ אז עמיצער

שטעלט אוועק א טעצל מיט עסן אויף א טישל, און ווי יענער הייט זיך אוועק צו ברענגען א גלאז וואסער אדער א שיסעלע „קאל־סלאו", גיט ער א כאפ ארונטער דאס טעצל. ער זעצט זיך אוועק ביי אן אנדער טישל. איר בלייבט מיט אייער שיסעלע „קאל־סלאו" און ער באלעקט זיך מיט אייער געשמאקן דינער...

ויהי־היום, טרעפט זיך איינמאל אזא מין מעשה: אן עלטערע אלמנה טראגט צו צום טישל א פארציע פיש און זי דרייט זיך אוועק פאר א פאר מינוטקעלעך עפעס ברענגען צו די פיש. נים אט דער חברה־מאן א כאפ ארונטער איר פארציע פיש און ער ווערט פארשוואונדן... דארף זיך גראד מאכן, אויף איר שלימזל, אז א מאן, אויך אן אלמן, נעמט אויך א פאר־ציע פיש, און ער דערזעט א ליידיקן טישל, דא, וואו איר פיש איז נאר וואס געשטא־נען. זעצט ער זיך אוועק אזוי בהרחבה־דיק און נעמט זיך גלייך צו דער אכילה...

די אייגענע קומט צוריק צו איר טישל און זי זעט ווי דער איד באלעקט זיך מיט איר פארציע פיש. גיט זי אים א פרעג: „מיסטער, ווי טעיסט אייך עפעס מיין פיש?"...

שטעלט ער אן אויף איר א פאר אויגן און ענטפערט איר: „איר זייט א משוגע־נע!" — ווערט זי אן איינגעקאכטע און זאגט אים: „ווערט משוגע פאר אלע אידן! נים גענוג וואס איר פרעסט מיין פיש, רופט איר מיך נאך משוגענע?" און זי ווינטשט אים אז א ביינדל זאל זיך אים שטעלן אין האלדז און ער זאל דער־ווארגן ווערן מיט דעם פיש צוזאמען... און זי פארענדיקט איר „מאנאלאג", אז ער איז א מנוול און אן עובר־בטל דערצו. בלייבט ער איר נים שולדיק קיין ענטפער און זאגט איר אז זי איז אן אלטע מכשפה און פרעגט זי: „מיט וואס איז זי אזוי זיכער, אז דאס איז איר פארציע פיש?"...

ענטפערט זי אים א צעהיצטע, אז זי דער־קענט איר פארציע פיש, נאכן „עק" פון פיש... ווייל דער קאנטער־מאן האט איר געוואלט געבן דעם קאפ פון פיש און זי איז באשטאנען דווקא אויפן עק...

בלייבט ער איר ווידער נים שולדיק קיין ענטפער און שרייט איר אריין גלייך אין פנים אריין: „סאו־וואט"!" און אז איר האט גענומען דעם עק, שטייט דען אנגעשריבן אויפן עק, אז דאס איז אייער?!"... בקיצור, עק אהין, עק אהער. דערהווייל, בשעת זיי האבן זיך געקריגט, האט יענער חברה־מאן ווידער א כאפ גע־טאן פון אן אנדער טישל א קאפ קאפי מיט קעיק צו פארבייסן זיין פיש. דאס מאל האט אים אבער יענער קאסטאמער געכאפט ביים האנט און ס'איז געווארן א גאנצע סומאטאכע. און כיק. דער מע־נעדזשער איז צוגעקומען און יענער־טראמבעניק פארשוואונדן געווארן.

איך זע שוין, אז איר ווילט וויסן דעם סוף פון דער מעשה: דער סוף איז גע־ווען זייער א גוטער. די אלמנה מיט'ן אלמן האבן זיך אנטשולדיקט איינער פארן צווייטן און האבן זיך איבערגעבעטן. איצט אז איר קומט אריין אין דער זעל־בער קאפעטעריע און איר זעט ווי א פא־רעלע זיצט און טיילט זיך מיט עק פון א פיש און דערצו נעמט זי נאך ארויס פאר אים די ביינדעלעך, ער זאל, חלילה, נים דערוואגען ווערן, זאלט איר וויסן. אז דאס איז דאס זעלבע פארל וואס האט זיך שיער נים די אויגן אויסגעדראפעט. נים מער, וואס איצט איז ער נים קיין אלמן און זי איז נים קיין אלמנה, ווייל זיי האבן מיט מזל חתונה געהאט...

איצט, זעט איר שוין: אז דאס וואס איין עק פון פיש קאן אויפטאן, קאנען קיין גאנצע צען שדכנים נים דורכפירן...

# מיין מזל'דיקער „טהענקסגיווינג דעי"

מיין באָבע פייגע, א ליכטיקן גן-עדן זאָל זי האָבן, פלעגט זאָגן א גלייך-ווערטל: „ווען א קבצן עסט טשיקען אינדערוואָכן, איז אָדער ער אליין קראַנק, אָדער די הון איז קראַנק. און אמאָל קאָן זיין אז זיי זיינען קראַנק ביידע צו-זאַמען"...

דאָס איז אָבער אלץ גערעדט פון דער אלטער היים. דאָ אין אמעריקע עסט יע-דער אָרימאַן טשיקען און אפילו א טוירקי, אין א פּראָסטן מיטוואָך, גלייך מיט'ן גרעסטן גביר, ספּעשל, ווען ס'קומט צו אזא „אידישן יום-טוב" ווי טהענקסגיווינג-דעי, איז דאָך אָפּגערעדט. אמת, אז נישט יעדער פּראָסטער בשר-ודם איז זוכה צו הנאה האָבן פון דער זעלבער סאָרט טוירקי, ווייל טוירקי'ס, אָט ווי להבדיל מענטשן, קאָן מען איינטיילן אין צוויי קאַטעגאָריעס, ד. ה. ס'זענען דאָ גביר'שע טוירקיס און קבצנ'ישע אזוי צו זאָגן...

די גבירישע טוירקיס, פאַרשטייט זיך, טראָגן זיך ארום מיט אָנגעפּרעסענע בייכער, גראָבע פּולקעס, דאָבל-גנידערס, פעטע זאַדעקעס. דערפאַר טאַקע גייען זיי ארום די קעפּ פאַררייסן, ווי אָנגעפּאַשע-טע גבירים, גרויסע מיוחסים, שרייען, געוואַלדעווען, טומלען, בלאָזן פון זיך פונקט ווי מ'וואָלט ביי זיי חלילה אויס-געכאַפּט א שישי אָדער א מפטיר...

די קבצנישע טוירקים ווידער, זיי טראָ-גען זיך נעבאַך ארום אזוי ווי יעדער קבצן מיט פאַרשידענע חולאת'ן, ווי למשל, אַרטריטיס, שוואַכע הערצער, איינגעפאַלענע ברוסטן, קראַנקע מאָגנס, יאַדישלעווע.. סאַ סברא, אז ס'זיינען דאָ אפילו אזוינע טוירקים וועלכע ליידן נע-באַך פון סאַינוס מיט העי-פיווער צו-זאַמען...

מיר אליין זייענען גראָדע ניט פון די גרויסע גבירים און ניט פון די קליינע קבצנים. דערפאַר זענען מיר ניט „פּריי-טיקעלע"... ביי אונדז איז ניט קיין חילוק. א טוירקי איז א טוירקי. ביי אונדז אז ס'קומט דער ליבער יום-טוב טהענקסגיווינג, זיינען מיר מקיים די מצווה צוויי מאָל. איינמאָל עסן מיר די טוירקי ערב יום-טוב, און אויב עס בלייבט איבער אביסל „שיריים" פון דעם ערב יום-טוב, עסן מיר דאָס יום-טוב אויפדערנאָכט פונקט אזוי ווי עס זיינען זיך נוהג אלע אידן, כל עם יש-ראל...

איך זע אז איר חידוש'ט זיך, ווער עסט דאָס טוירקי א טאָג פאַר יום-טוב? איז ערשטנס, אין וואָס פאַר א ספר שטייט דאָס געשריבן אז מען מוז וואַר-טען מיט דער טוירקי ביז יום-טוב אויפ-דערנאָכט. צווייטנס, זיינען מיר סתם אזוינע מענטשן, אז וואָס מיר קענען עפּעס טאָן היינט, לייגן מיר דאָס נישט אָפּ אויף מאָרגן...

פון מיר אליין איז דאָך אָפּגערעדט. איך בין סתם א מענטש וואָס האַלט ניט פון קיין צופיל צערעמאָניעס. ניט דער-פאַר וואָס איך בין חלילה אזא זולל-וסובא, נאָר אזוי זיך. אז דער אוי-בערשטער העלפט און מען האַנדלט איין א גוטע טוירקי און אז זי קומט נאָך דערצו ארויס געראָטן, זע איך ניט איין קיין שום עוולה פאַר וואָס מ'קען ניט מאַכן איבער איר קיין „שהחיינו" א טאָג פאַר יום-טוב... און מיין ווייבל, זאָל מיר מאריך-ימים זיין, כאָטש זי איז כמעט

אלע אירע יאָרן אויף א „דאיעט״, פונ־
דעסטוועגן, ווען ס׳קומט צו טוירקי,
פאַרגעסט זי זיך אינגאַנצן אויף איר
דאיעט און זי איז מקיים מיט מיר די
מצווה צוזאמען, א טאָג פאר יום־טוב.
אמת, אמאָל ווען זי כאפּט אן „איבעריג־
ביסן״, האלט זי דערנאָך אין איין אי־
בעררייזן: „אז זי האט דאָס באדארפט
ווי א לאָך אין קאָפּ״... איך בין אָבער
שוין אזוי איינגעוואוינט צו אָט דעם
„פסוק״ — אז אמאָל נאָך א שווערער
פּאַרציע, ווען זי פארגעסט צו זאָגן אָט
דעם פסוק, כאפּ איך שוין אַליין אונטער
און דערמאָן איר: אז זי האט דאָס באַ־
דארפט האָבן ווי „א לאָך אין קאָפּ״...

בקיצור, דאָס מאָל האט מיין ווייב,
ווי דער שטייגער איז, צוגעגרייט א טויר־
קי מיט א פּאָר טעג פאר יום טוב. מאָנ־
טיק פריי האט זי באשטעלט די טוירקי,
און אָוונט האט זי דאָס אָפּגענומען ביים
בוטשער, דינסטיק האָט זי די טוירקי
שוין געפרעגלט אין אויוון. דער ריח
האט געזעצט אין נאָז אז די פלינע איז
ממש גערונען פון מויל, און מ׳האָט טאַ־
קע באדארפט זיין שטארקער פון אייזן
צו אויסהאלטן ביז זי וועט פארטיק
ווערן...

שוין ביים צופּארטיקן די טוירקי, האָט
מיין ווייב זיך גע׳חידוש׳ט און האָט אי־
בערגערעדט עטלעכע מאָל אז זינט זי
איז א באַלעבאָכטע האט זי נאָך אזא
טוירקי ניט געהאט. דאכט זיך זי האט
אויסגעקליבן א מיטלמעסיקע טוירקי און
פּלוצים עפּעס אזא גרעטעניש... ווי
ס׳ווייזט אויס, האָט זי צוגעגעבן, אז א
טוירקי, ווען זי ליגט אָפּ א גאנצן טאָג
ביים בוטשער אין פריזער, ווערט זי
אזוי „אנגעדראָלן״ אז זי קוקט אויס
צוויי מאָל אזוי גרויס... זי האָט זיך אויך
גע׳חידושט וואָס דער בוטשער האט איר
פלוצים צוגעגעבן פריי א שטיק לעבער,
אביסל פעטס, מיט אזוי פיל ביינער, אז
מ׳האָט געקאָנט קלעקן אויף א גאנצער
וואָך צו עסן. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט זי
געהאלטן אין איין איבער׳חזרן אז ביי
די בוטשארעס זיינען די ביזנעס שוין
ניט אזוי פוינלדיק, אז זיי גיבן שוין צו
אומזיסט אזוי פיל „טרימינגס״ צו א
טוירקי״... פארשטייט איר דאָך אז אזא
געראָטענע טוירקי, מיט אזוינע צערייצ־
טע אפּעטיטן וואָס מיר האָבן געהאט,
האָבן מיר שוין דאן אפילו ניט געטראַכט
ווי אזוי מיר וועלן קענען פייערן אזא
גרויסן יום טוב אָן א טוירקי, אז מיר
וועלן זי יעצט „צורעכטמאכן״... אפשר
האָבן מיר דאן געטראַכט: „אויף מאָרגן
זאָל זיך ג׳ט זארגן״. און אָט אזוי
טראַכטנדיק האָבן מיר די טוירקי. אזוי
צעפלאָכטן נאָך א פּאָר טעג פאר יום טוב
אז ס׳איז פון איר כמעט גאָר ניט גע־
בליבן פארן אמת׳ן יום טוב...

וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין, דעם
לעצטן טאָג פאר טהענקסגיווינג, טאָקע
ווען איך מיט מיין ווייבל האָבן געהאלטן
מיט דער טוירקי ביי עלינו, ד. ה. ווען
מיר האָבן זיך געהאלטן אין קוויקן מיט
די אָפּגענריזשעטע פולקעס, קלינגט עמי־
צער אָן אין טיר, עס קומט אריין א
יונגערמאן, אָנגעטאָן אין א ווייסן פאר־
טוך, מיט א פּעקל אונטערן האנט און
זאָגט צו מיין אידענע, אז דער בוטשער
האט זיך געכאפּט אז ער האט דורך א
מיסטעיק איר איינגעפּאַקט זיין לענד־
ליידיס טוירקי, וועלכע הייסט מיטן זעל־
בען נאָמען וואָס מיר הייסן... על־כן, איז
ער געקומען, הייסט עס, איצט זיך אָפּ־
בייטן מיט די טוירקיס...

מיין אידענע הערט אים אויס, שמייר־
כעלט און זאָגט צו אים: „איר ווייסט
מיסטער, איר דערמאָנט מיר מיט אייער
טוירקי אין מיין פעטער עליען. ווען ער
איז געקומען דאָס ערשטע מאָל גרינער־
הייט צו אונדז אין הויז אריין, האָב איך
דאן גראדע געהאלטן אין דערלאַנגען

הייסע לאַטקעס צום טיש. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אים געבעטן זיך וואַשען און גיין צום טיש. האָט ער אונדז באַדאַנקט און מעשה דזשענטלמאַן אונדז געענטפערט: וואָס איז די איילעניש? די לאַטקעס וועלן פון מיר ניט אַנטלויפן. זאָלן זיי זיך אַביסעלע אָפּקילען..." אונדזער גאַנצע משפחה האָט דאַן אויסגעשאָסן אַזאַ געלעכטער אַז דער פעטער עליע האָט זיך פאַרשעמט, איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק און האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גאַרישקייט ער האָט דאָ אַרויסגעזאָגט, אַז מען זאָל אַזוי דאַרפן לאַכן...

פאַרוואָס מיר האָבן דאַן אַזוי געלאַכט, האָט ער אויסגעפונען ווען ער האָט זיך אַביסל אויסגעגרינט. איצט אַז ער קומט צו אונדז, ווען איך האַלט אין באַקן לאַטקעס, וואַרט ער שוין אַפילו ניט מ'זאָל אים בעטן זיך צו וואַשן, נאָר ער עסט זיי ווען זיי זיינען הייס, ניט געוואַשענערהייט... ווייל ער ווייסט שוין אַז ביי אונדז אין הויז האָבן זיך קיין לאַטקעס נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקילט...

איר רעדט, זאָגט זי צו אים, אַזאַ נאַרישקייט. און ווען איר ווילט פון דער טוירקי כאָטש אַן אָפּגעגריזשעטע ביינדל האָב איך דען?"...

בקיצור, דער יונגערמאַן איז אַוועק און ס'נעמט ניט קיין האַלבע שטונדע, קומט ער צוריק מיטן זעלבן פעקל און זאָגט צו מיין ווייב, אַז די לענדלײדי פון דער פאַרביטענער טוירקי איז אַוועק אַ ברוגז'ע פון דעם בוטשער אינגאַנצן אָן אַ טוירקי. און אַזוי ווי ער האָט דערציילט דעם בוטשער אַז מיר האָבן שוין ,,צורעכטגעמאַכט" אונדזער טוירקי און מ'קען שוין נאָך איר אָפּזאָגן אַ רבנן־קדיש, האָט ער אים געשיקט, הייסט עס, פרעגן, צי מיר קענען ,,יוזען" די טוירקי פאַר יום טוב... ס'איז ביי אים, זאָגט ער, געבליבן די לעצטע טוירקי וואָס ער וויל פון איר פטור ווערן. אויב מיר ווילן זי קויפן וועלן מיר מיטן פרייז דורכקומען...

מיין אידענע האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ נס מן השמים, אַז ס'איז באַשערט, הייסט דאָס, אַז מיר זאָלן נישט פאַרשוועכן דעם הייליקן יום־טוב צו זיין אָן אַ טוירקי און די טוירקי איז אונדז פשוט אַרונטערגעפּיקט געוואָרן פון הימל...

זי האָט זיך מיט אים אויף שנעל אויסגעגליכן מיט דער פרייז. אַזוי ווי ס'איז שוין געווען אחר־הזמן — אינגאַנצן איין טאָג פאַר יום טוב, האָט זי ביי אים די טוירקי איינגעהאַנדלט טאַקע אַן אמת'ע מציאה... זי האָט באַלד פאַרקאַטשעט די אַרבעל, האָט צוגעגרייט די טוירקי כדת משה וישראל. פרעגט שוין ניט: מיר האָבן געהאַט אַ יום טוב, אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן, הלוואי אויף איבעראַיאָר טהענקסגיווינג־דעי ניט ערגער . . .





# „מיין שלימזל'דיקער פאַדערס דעי“

איר קענט מיר אפשר זאָגן ווער ס'איז געווען דער חכם וואָס האָט אויסגעטראַכט דעם יום־טוב פאַדערס־דעי? ווען איך וויים ווער ער איז, מאַך איך אים מיט אַ קאָפּ קירצער... דעם גאַנצן טאַראַראַם וואָס מען מאַכט פון פאַדערס־דעי איז ניט ווערט קיין שישקע פּולווער. וואָס מיר מענער קריגן אַריין אין מתנות אין דעם יום־טוב, קען דאָס אַ קאַץ אויפן עק אַוועקטראָגן. דאָס העכסטע וואָס מיר קריגן אַריין, איז אַ פּאָר נעקטאַיס פון כמעלניצקי'ס צייטן, אַ פּאָר סוספּענדערס פון ששת ימי בראשית, אַ ספּאָרט שוירט פון אַ מיתה משונה קאָליר וואָס דער סטאָר־קיפּער קען דערפון ניט פּטור ווערן און עטלעכע פּאָר שקאַרפּעטקעס וועלכע ווערן אויף אייך צעפאַלן ביים אָנמעסטן, נאָך איידער איר האָט זיי געטראָגן.

מיר איז היינטיקער פאַדערס־דעי געגאַנגען אין אַלגעמיין מיט דער פּוטער אַראָפּ. די פּרעזענטן וואָס איך האָב אַריינגעקראָגן, פאַרקויף איך דאָס אייך פאַר אַ שמעק טאַבאַק. שוין באַלד, אויף מאָרגן, נאָך פאַדערס־דעי, האָט מיך מיינע אַ פרעג געטאָן: „וואָס אַ שטייגער האָני־באַנטש קריג איך ביי דיר פאַר פאַדער'ס־דעי... אַ דאַימאָנד־רינג, צי אַ מינק סטאָול?”... אויף איר פראַגע האָב איך איר געענטפערט מיט מיינער אַ פראַגע: „וואָס הייסט, פרעג איך איר, וואָס פאַר אַ מחותנת'טע ביסטו מיט פאַדערס־דעי?” קאָרג האָסטו אַריינגעקראָגן פאַר מאַדערס־דעי, ווילסטו נאָך צונעמען פאַר זיך מיין יום־טוב אויך. און איך גיב איר צו פאַרשטיין מיטן פּשוטן שכל, אַז איך בין דער טאַטע, הייסט דאָס, און דאָס איז מיין יום־טוב, ניט אירער. בלייבט זי מיר ניט שולדיק קיין ענטפער און זי גיט מיר „פילאָזאָפיש” צו פאַרשטיין, אַז ווען ניט זי, וואָלט איך אינגאַנצן קיין טאַטע ניט געווען. און פאַר די סוספּענדערס מיט די זאָקן־בענדלעך וואָס איך קריג אַריין פאַר פאַדערס־דעי, דאַרף איך גאָר איר דאַנקען; ווייל זי איז די מאַמע פון אונזערע קינדער און זי האָט מיך געמאַכט פאַר זייער טאַטן...

איך בין אָבער אַ איד וואָס לאָזט זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע. זאָג איך איר, אַז מ'קען טייטשן דעם זעלבן פּסוק אויף צוריק: ד.ה. אַז ווען ניט איך, וואָלט זי קיין מאַמע ניט געווען און עס וואָלטן קיין קינדער ניט געווען, און עס וואָלט שוין אויך במילא קיין מאַדערס־דעי ניט געווען, און זי וואָלט ניט אַריינגעקראָגן אַזוי פיל פּרעזענטן! אַז דער קאָפּ זאָל זיך איר פון דעם אַזש פאַרדרייען. צעלאַכט זי זיך פון מיין ענטפער און זי גיט זיך אַזוי אַ זאָג: „קוק אים נאָר אָן, דעם „פילאָזאָף” מיינעם. אַ טאַטע! קוילע מיר מיינע גענדז! אויך מיר אַ מציאה צו זיין אַ טאַטע! יעדער איוואַן זאָגט זי, מיט יעדן סטעפּאַן, קען זיין אַ טאַטע אָן בויך ווייטאָג”. אַ קונץ, זאָגט זי, איז צו זיין אַ מאַמע. זי דאַרף דורכגיין יסורים מיט ווייטאָגן ביים האָבן די קינדער, ליגן מיט זיי אין קימפּעט, אויסהאָדעווען זיי, אויסכאָוועון, אויפברענגען זיי. אָבער, וואָס ווייסט איר מענער וועגן קינדער? גלויב מיר, זאָגט זי, ווען ס'קומט אויף מיר, וואָלט איך אָפּגעשאַפט דעם גאַנצן יום־טוב אייערן און ס'וואָלט קיין פאַדערס־דעי אינגאַנצן אויף דער וועלט ניט געווען. אַן עבירה די פּאָר סענט וואָס מען ספּענט אויף אייך...

איר פאַרשטייט דאָך, אַז פון אַזאַ מין

פילאָזאָפיע, אַז מיר מענער טויגן אויף כפרות, איז מיר געוואָרן גאַנץ קאַלט־מוטנע אויפן האַרצן. אויף אַזאַ ביטערער לעקציע האָב איך זיך ניט געריכט. פונדעסטוועגן האָט, ווייזט אויס, דאָס געוויסן אָנגעהויבן איר אַביסעלע צו פּלאָגן און אַ טאָג פאַר פאָדערס־דעי, בעט זי ביי מיר אַ פאַר דאָלער און איך שטיים מיך אָן אַז דאָס גייט זי מסתּם איינהאַנדלען עפּעס פאַר מיר לכּבוד פאָדערס־דעי . . .

ווען זי איז געקומען אַהיים, אָן אָנגעלאָדענע מיט פּעקלעך, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען אַז איך האָב זיך אָפּגענאַרט אין חשבון, אַז זי האָט מיר פאַרטאַכלעוועט די פאַר דאָלער און איך וועל קריגן אַ פייג אונטערן נאָז . . . פאַר דעם געלט וואָס זי האָט ביי מיר גענומען, האָט זי איינגעהאַנדלט פאַר זיך אַ פאַר דרעסעס, אַ העט מיט עטלעכע פאַר שיך . . . און מיר האָט זי איבערגעגעבן די ביטערע נייעס, אַז פאַר די מענער איז אין די סטאָרס כמעט גאָרניט געבליבן. די סטאָרקיפּערס שטייען מיט ליידיקע פּאָליצעס און אַחוץ אַ פאַר שמאַטעס איז ניטאָ וואָס צו קויפן. וועל איך שוין, זאָגט זי, מוזן וואַרטן, הייסט דאָס, איה״ש ביז נעקסטן פאָדערס־דעי...

דערפאַר האָט זי מיך אָבער סורפּרייזד מיט פאָדערס־דעי קאַרדס וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט פאַר מיר. גאַנצע דריי שטיק מיטאַמאָל. ווען איך האָב זי געפרעגט צו וואָס זי האָט באַדאַרפט קויפן גאַנצע דריי קאַרדס? האָט זי מיר געענטפערט קורץ און שאַרף: „אַזוי ווי ס׳איז שוין באַלד נאָכן יאַריד, ד.ה. אײן טאָג פאַר פאָדערס־דעי, פאַרקויפט מען איצט די קאַרטלעך אַ „ספּעשל״ — דריי פאַר אַ קוואָטער . . . האָט זי דערפאַר געקויפט דריי מיטאַמאָל. איינע, הייבט עס... פאַר הײנטיקן יום טוב. און

* * * * * * * * * * * * * *

די אַנדערע צוויי, וועט זי האַלטן אויף איבער אַ יאָר און אויף איבער צוויי יאָר אַרום . . . הײנטיקע צייטן, זאָגט זי מיר, דאַרף מען לעבן עקאָנאָמיש מיט חשבון. נאָר אַזאַ גוטע באַלעבאָסטע ווי זי איז קען פאַלן אויף אַזאַ קלוגן איינפאַל . . .

איר ווילט דאָך מסתּם וויסן וואָס פאַר אַ קאַרדס דאָס זיינען געווען וואָס מען קריגט זיי דריי פאַר אַ קוואָדער? קען איך אייך זאָגן, אַז די קאַרטלעך זיינען טאַקע אַזוינס ווי אַזוינס. איר ווייסט דאָך: פאַרן „אָלד־מען״, פאַרן טאַטן, הייסט דאָס, מאַכט מען אַזוינע קאַרטלעך וואָס זיינען „פול־אָף־פאַן״. עס זיינען דאָ קאַרטלעך וואָס שטעלן פאָר פאַרשידענע חיות. למשל, קעץ, הינט, פערד, אַליגעיטאָרס א.אַז.וו. דאָס ערשטע קאַרטל וואָס זי האָט מיר געצייגט, איז געווען פון אַ גרויסן פערד... דאָס איז אָבער געווען, ניט סתּם קיין פּראָסטער פערד, נאָר דער וואָס איז אַ מבין אויף פערד, האָט באַלד געקענט דערקענען, אַז דאָס איז אַ פערד פון אַ גרויסן יחוס. אַז ער האָט שוין מסתּם ניט איינמאָל געוואונען דעם ערשטן פּרייז ביי די האָרס־רעיסעס. ווען איך האָב זי געפרעגט פאַר וואָס זי האָט דווקא אויסגעקליבן אַ פערד, ניט קיין אַנדער חיה? האָט זי מיר געענטפערט, אַז אויף אַלע די פאָדערס־דעי קאַרדס איז געווען אַזוי אויסכאַפּעניש, אַז פון אַלע חיות זיינען געבליבן בלויז הינט מיט פערד... האָט זי זיך באַטראַכט, אַז אידער קויפן פאַר מיר אַ קאַרד מיט אַ הונט, האָט זי באַשלאָסן, בעסער נעמען איינע מיט אַ פערד . . .

זעט איר: די אַנדערע פאַר קאַרטלעך, יענע זיינען גאָר געווען אָן אויסנאַם, טאַקע נאָר אויף חידושים אויסצושטעלן. אויף איין קאַרטל איז געווען אויסגעמאָלן אַ פּיקטשור פון אַ באָן, אָנגעטאָן אין אַ ווייבערישן קאָרטוז, ווי ער שטייט

בײם סינק אָנגעפּילט מיט דישעס, און אונטן איז געװען אָנגעשריבן מיט גרויסע װערטער: „יו אַר מאַי פּאָרטעיבל דיש־װאַשער״... און אויף דעם צװײטן קאַרטל איז אויך געשטאַנען אַ מאַן, מיט אַ פּעקל לאַנדרי אַרום אַ װאַשינג מאַשין און אונטן איז געװען אָנגעשריבן: „האַני־באַנטש, יו אַר מאַי מיסטער קלין; יו אַר מאַי דעילי לאָונדרימאַט״...

נו, פרעג איך אײך? לוינט זיך צו זײן אַ טאַטע! הערט אַ מעשה: מײן גאַנץ לעבן האָב איך יעדן אינדערפרי, בײם דאַװענען, געבענטשט דעם רבש״ע, האָב געזאָגט מיט גרויס כוונה דעם פּסוק „שלא עשני אשה״, נאָר דערפאַר װאָס ער האָט מיך באַשאַפן פאַר אַ מאַנסביל, ניט פאַר קײן אידענע. נאָר אירע רײד קומט אוים אַז איך דאַרף גאָר האָבן אַ טענה צו אים פאַר דער טובה װאָס ער האָט מיר געטאָן. שוין צוליב מאַדערס־דעי אַלײן װאָלט מיך ניט געאַרט װען איך זאָל געװען געבוירן װערן אַ אי־דענע, ליגן אין קימפּעט גלײך מיט אַנ־דערע װײבער, אַרײנקריגן פּרעזענטן פון אַלע זײטן, און עס װאָלט דאַך מיר גע־װען גוט װי די װעלט. װאָרים מיר טאַטעס — װײ צו אונזערע יאָרן — װאָס האָבן מיר פון אונזער פאַדערס־דעי אַ חוץ אַ פּאָר זאָקן־בענדלער מיט אַ פּעקל עגמת־נפש... איר הערט דאָך װאָס זי זאָגט: אַז יעדער איװאַן קען װערן אַ טאַטע. נאָר, װי זאָגט מען: „אַ װעלט קען מען ניט איבערמאַכן״. עס װעט שוין מסתם אַזוי זײן ביז משיח װעט קומען.





# װי אַזוי מען פּילט אַ יאָר נאָך אַ גאָלדענער חתונה...

היינטיקע צײטן, אין אונזער עפּאָכע פון טעכניק, מיט אַלע נײ־דערפינדענע מעדיצינישע הײל־מיטלען, מיט װעלכע מיר עלטערע מענטשן זײנען פאַרזאָרגט, איז שוין גאָר ניט קײן נאָװינע אַז אַ פאָר־פאָלק זאָל דערגרײכן צו אַן עלטער פון פּראַװען זײער גאָלדענע חתונה. די גאָלדענע חתונות זײנען שוין אַרײן, אַזוי צו זאָגן, אין דער שוסטער־גאַס און מען קוקט זיך שוין אויף זײ כמעט נישט אום. איך װעל ניט זײן איבעראַשט, װען דער מעדיקער־ביל װעט דורכגײן אין אַמעריקע, װעט װערן אַ מאָדע בײ די סיניאָר־סיטיזענס אָנהויבן צו פּראַ־װען זײערע דימענטענע חתונות, פּונקט װי זײ פּראַװען איצט זײערע גאָלדענע חתונות.

אָט נעמט, למשל, אַזאַ שנעק װי איך בין. ניט נאָר האָבן מיר שוין געפּײערט אונדזער גאָלדענע חתונה, נאָר מיר האָבן שוין ב״ה אפילו אַרײנגעכאַפּט אַן עקס־טראַ יאָר נאָך אונדזער גאָלדענער חתונה. און בײ דער צװײטער שמחה האָט מען פאַר אונדז געמאַכט נאָך אַ גרעסערן צימעס װי בײ דער ערשטער.

צו דער געלעגנהײט פון אָט די בײדע שמחות, קען איך זאָגן צו מײנע ליבע פאַרערער און צוהערער אָט װאָס: אויב עמיצער פון אײך האָט נאָך ניט דורכ־געמאַכט אַ גאָלדענע חתונה צערעמאָניע, זאָלט איר למע״ה ניט פאַרפעלן דאָס צו טאָן. איך פאַרזיכער אײך, אַז איר װעט אויף דעם קײן חרטה ניט האָבן... ערשטנס, דאַרפט איך בײ אײער גאָל־

דענער חתונה זיך ניט זאָרגן אַז איר פּאַלט אַריין מיטן שידוך... קיין צוויי מאָל פּאַלט מען ניט אַריין... אַז מען לעבט אָפּ מיט אַ ווייב פופציק יאָר, ווייסט מען שוין אַלע אירע מעלות מיט אַלע אירע חסרונות. צווייטנס, דאַרפט איר ניט דורכמאַכן אַלע צערעמאָניעס ווי מיט 50 יאָר צוריק. איר דאַרפט ניט לויפן אין סיטי־האָל פאַר אייערע „מע־רידזש־לאַיסענס", איר דאַרפט ניט האָבן צו טאָן מיט קיין ראַבאַיס, חופה־קדושין, מיט אַ כתובה; מיטן פסוק הרי־את. איר דאַרפט אַפילו ניט גיין פאַר קיין „בלאַד־טעסט"...

עס איז כדאי אויך צוצוגעבן, אַז איצט, אַ יאָר נאָך אונדזער גאָלדענער חתונה, פילן מיר זיך ווי מיר וואָלטן געווען פאַרהייראַט בלויז איין יאָר, ד.ה. אַז מיר זיינען געוואָרן מיט פופציק יאָר יונגער, ניט עלטער... די שלעכטע זאַכן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן ווערן פאַרגעסן און אין די גוטע דערמאָנט מען זיך. אַט למשל, האָט די כלה געוואָלט ניט אַנדעריש איך זאָל איר דערמאָנען אין אונדזער ערשטער ליבע, וואו מיר האָבן זיך באַגעגנט, ווער ווען ס'האָט זיך פריער דערקלערט אין ליבע, ווער ס'האָט אַריינגעכאַפּט דעם ערשטן קוש א.אז.וו. זי האָט אַפילו געוואָלט איך זאָל איר דערמאָנען דעם ערשטן „ברעקפעסט" וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט מיט פופציק יאָר צוריק...

נו, איר ווייסט דאָך: „אַ נאַרישקייט געדענקט זיך"... האָב איך איר טאַקע דערמאָנט אַז אונדזער ערשטע באַגעגעניש איז געווען אין אַ פסח, ווען מיר האָבן זיך געשפּילט אין ניס מיט אַנדערע קינדער. זי האָט ביי אונדז דאָן אָפּגעוואונען אַלע ניס: זי איז אַוועק אַהיים מיט אַן אָנגעשטאָפּטן פאַרטוך און אונדז האָט זי איבערגעלאָזן מיט אַ ביסל „עגמת נפש", מיט ליידיקע קעשענעס... נו, ווער ווען ס'האָט זיך פריער דערקלערט אין ליבע און ווער ס'האָט אַריינגעכאַפּט דעם ערשטן קוש? דאָס לאָז איך איבער צו דער פאַנטאַזיע פון אַלע מיינע גוטע פריינט וועלכע האָבן אַנטיילגענומען אין אונדזערע ביידע שמחות. זיי האָבן זיך געווים צוגעקוקט צו אונדז ביידן. די יעניקע וועלכע האָבן געקוקט אויף מיין פּנים און אויף אירן, האָבן זיך מסתם אָנגעשטויסן ווער ווען ס'האָט זיך דערקלערט דער ערשטער אין ליבע...

זעט איר, ווען איך האָב איר דווקא דערמאָנט פון איר ערשטן ברעקפעסט, אַז די קאַשע איז געווען צוגעברענט און די קאַווע איז געווען ביטער און ניט געהאַט קיין אידישן טעם, האָט זי מיר געזאָגט אָן צערעמאָניעס: „ווי באַלד אַזוי, „האַני־באַנטש", וועסטו שוין ביי מיר היינט קריגן דעם זעלבן ברעקפעסט וואָס איך האָב פאַר דיר געמאַכט מיט 50 יאָר צוריק... און צו אונדזער דימענטענער חתונה — האָט זי מיר געזאָגט — וועסטו ביי מיר אינגאַנצן קיין ברעקפעסט ניט קריגן. איך קען אויך באַשטיין אַז דו זאָלסט מיר צוטראָגן ברעקפעסט צום בעט, אַזוי ווי עס פירט זיך ביי אַלע יונגע קאַפּלס"... נו, פרעג איך אייך? לוינט זיך ניט פראָווען קיין גאָלדענע חתונות? טוט דאָס למע"ה, איר וועט קיין חרטה ניט האָבן.

איצט וועל איך מיר דערלויבן אָנגעבן דאָ עטלעכע כללים, ספּעציעל פאַר די מענער, ווי אַזוי זיי קענען אָנהאַלטן זייער שלום־בית, זיי זאָלן זיך ניט דאַרפן קריגן מיט זייערע ווייבער...

פונקט 1) שיקט איר צו אַ „בוירטדעי" קאַרטל יעדן יאָר. גנב'עט ביי איר אַלעמאָל אַרונטער איין יאָר... ד.ה. ווען איר ווערט מיט איין יאָר עלטער, דאַרף זי אומבאַדינגט ווערן מיט איין יאָר

יונגער... איר דאַרפט אַפילו ניט קויפן אַלע יאָר קיין נייע קאַרטל. טוט אַזוי ווי איך טו: איך שיק איר דאָס זעלבע קאַרטל שוין אַריבער 50 יאָר. דאָס קאַרטל קוקט נאָך אויס שפּאָגל־ניי, אַזוי ווי ערשט געקויפט. אַבי ס'וועט זיין דאָרטן אָנגעשריבן, אַז זי איז מיט אַ יאָר יונגער, וועט זי זיין העכסט צופרידן...

פונקט 2) וואַרט ניט ביז זי וועט אייך דאַרפן הייסן עפּעס צו טאָן אין הויז. נאָר ווען איר הערט ביים ברעקפעסט, אַז זי הויבט אייך אָן צו רופן מיט אַזוינע נעמען ווי „האַני־באַנטש", „דאַרלינג", אָדער „סוויטי־פּאַי", דאַרפט איר זיך אַליין אָנשטויסן אַז היינט איז אייער טאָג פון קלינען דעם קאַרפּעט, מאַכן די וואַש, גיין פאַר איר שאָפּן און וואַשן די דישעס ביים סינק...

פונקט 3) ווען איר גייט אַמאָל צו אַ מיטינג אָן אייער ווייב און איר קומט שפּעט ביינאַכט אַהיים, מאַכט זיכער, אַז אויף אייערע באַקן זאָל זיך ניט אָנזען קיין ליפּסטיק. אַניט וועט איר כאַפּן אַזאַ מפּלה אַז איר וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן זיך ניט צו קושן מיט קיין פרעמדע ווייבער...

פונקט 4) ווען איר לאָזט איבער אין הויז אייערן אַ סוט אָדער אַ רעקל צום קלינען, מאַכט זיכער צי איר האָט ניט אין פּאַקעט עפּעס אַ „טריפּענעם" טעלעפאָן נומער... אַזאַ זינדיקער נומער קען אייך אַמאָל אומגליקלעך מאַכן...

פונקט 5) (דער פּונקט איז גילטיק בלויז פאַר פלאָרידע...) ווען אייער ווייב הויבט אָן צו ריידן וועגן אַ מינק־סטאָול אָדער וועגן אַ מינק־קאָוט, זאָגט איר קיינמאָל ניט אָפּ דעם פאַרגעניגן. איר דאַרפט איר אַלעמאָל צוזאָגן אַז ווי נאָר ס'וועט אויספאַלן דער ערשטער שניי אין מיאַמי־ביטש, וועט זי דאָס גלייך קריגן...

פונקט 6) אויב עס פעלט אייך אַמאָל אַ קנעפּל ביי אייערס אַ העמד אָדער אַ רעקל, מאַכט זיך ניט וויסנדיק: נייט אים אָן אַליין און וואַרט ניט ביז זי וועט אים פאַר אייך אָננייען. ווייל איר קענט אַמאָל אַזוי וואַרטן ביז משיח וועט קומען... פאַרקערט, ווייזט איר אַז איר זייט אַ געטרייער מאַן. אויב איר באַמערקט אַמאָל אַז עס פעלט אַ קנעפּל ביי אירס אַ דרעס אָדער אַ סוועטער, נייט דאָס פאַר איר אָן און זי וועט אייך די טובה קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

דער לעצטער פונקט 7) ווען איר נעמט אַמאָל אויס אייער ווייב אין אַ מואַווי, און איר האָט אַ טבע זיך צו האַלטן אין די מואַווים ביי די הענט, זאָלט איר קיינמאָל ניט מיטנעמען קיין שכנה מיט זיך. ווייל אַז איר וועט זיצן צווישן צוויי ווייבער, פאַרטיפט אין דער מואַווי, און דערצו זענט איר נאָך אַביסל אַ צוטראַגענער, קענט איר נאָך אַמאָל, חלילה, על־פּי טעות, פאַרבלאָנדזשען אין אַ „ראָנג דיירעקשאַן"... דאַן וועט איר זיין אין אַזאַ לאַגע ווי אַ „לעבעדיקער סענדוויטש" צווישן ביידע ווייבער. די שכנה וועט שרייען איר זאָלט ניט קריכן מיט אייערע לאַפּעס וואו מען דאַרף ניט. און פון אייער אייגענער ווייב וועט איר קריגן אַזאַ מפּלה, אַז איר וועט דאָס געדענקען אייער גאַנצן לעבן...

אַז איר וועט אָפּהיטן אָט די אַלע כּללים וועט אייך זיין גוט ווי די וועלט. איר וועט לעבן ווי די טייבעלער מיט אייער אידענע ביז 120 יאָר, אָמן...



# אַ נסיעה אין דער לופט

דאָס האָט פּאַסירט מיט יאָרן צוריק. איך בין דאַן געווען קוים צוויי וואָכן אין לאַנד. קום איך איינמאָל אין דער פרי פון מיין ביינאַכטיגן דזשאָב און טרעף מיין באַלעבאָסטע אין דרויסן אַ פאַרזאָרגטע, אַ פאַרצאָרנטע. וואָס איז? זי איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון מאַרקעט און האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט איבערגעלאָזן דעם שליסל אין הויז. אויפן אויוון קאָכט זיך דאָס ביסל געקעכטס, טיר און פענסטער זיינען פאַרהאַקט, דער איינציקער וועג, זאָגט זי, ווי אַזוי מען קען זיך „דאַביוועןʼʼ צום הויז איז דורכן „דאָס-וועיטערʼʼ.

בקיצור, איך האָב פאַרשטאַנען נאָך אירע רייד וואוהין זי צילט: איך זאָל, הייסט דאָס, זיך מטריח זיין, אַריינזעצן זיך אין „דאָב-וועיטערʼʼ און זי וועט „אַרויפציעןʼʼ ביז'ן פערטן שטאָק, און אַז איך וועל דערגרייכן צום ציל זאָל איך אַרונטערשרייען — האָ, סטאָפּ!

בכדי עס זאָל אייך ניט זיין קשה וואָרום האָב איך דווקא באַדאַרפט דורכמאַכן אַט די „לופט-רייזעʼʼ און ניט מיין מיסעס, אַז זי זאָל זיך, הייסט עס, אַריינזעצן אין דאָס-וועיטער און איך זאָל זי אַרויפשלעפּן, מוז איך אייך באַמערקן וועגן דער וואָג און מאָס פון מיין געוועזענער מיסעס. עס וועט ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז ווען מען נעמט, למשל, אַזוינע צוויי פאַרשוינען ווי איך און מען זעצט זיי ביידען אַרויף אויף איין זייט פון אַ וואָג און די מיסעס אויף דער צווייטער זייט, וואָלט זי זיכער געווען איבערגעוואויגן אונז ביידען...

בקיצור, די רייזע האָט גענומען שנעלער ווי איך האָב מיר פאַרגעשטעלט: איך ווייס ניט, צי ווייל איך בין געווען צו גרינג אויפן וואָג, צי ווייל זי האָט צוגעלייגט אַ „פּלייצעʼʼ; איך ווייס נאָר, אַז כהרף עין בין איך אַרויפגעפלויגן צום פלאַן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך צווייפל צי אַן עקספּרעס פון עמפּייר סטייט בילדינג וואָלט דאָס געקענט מאַכן שנעלער. דערפאַר האָב איך ניט פאַרלאָרן קיין צייט און געגעבן אַ קאָמאַנדעווע אויף מיינע העכסטע טענער טאָקע, ווי איך וואָלט געווען אַ געבאָרענער אַמעריקאַנער — האַ-האָ, סטאָפּ!

עס האָט מיר גענומען אַ פּאָר מינוט ביז עס איז מיר געלונגען אויפצוכאַפּן דאָס מירל פון דאָב-וועיטער. איך האָב פּאַוואָלינקע אַרונטערגעשטעלט איין פוס אויפן דיל, די צווייטע פוס האָב איך שוין ניט „אויספּייעטʼʼ אַרונטערצושטעלן, ווייל אַ פּאָר קרעפטיקע ידיים האָבן מיך אָנגעכאַפּט ביים האַלז, מיך געגעבן אַ שלעפּ אַריין אינווייניג. פון גרויס שרעק האָב איך אפילו ניט געוואוסט אין וועמענס הענט איך בין אַריינגעפאַלן, ווייל בעת ער האָט מיך געהאַלטן ביים האַלז, טרייסלענדיק מיך ווי אַ לולב, האָט ער גענוצט אַ מין „אינטערנאַציאָנאַלעʼʼ שפּראַך, אין וועלכער איך בין נאָך דאַן ניט געווען אַזוי בקי.

דער מאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן איז



געווען איינער מאחינו בני ישראל, ווייל ווען ער האט באפרייט מיין האלז און ער איז אריבער צו „מעשׂים" — איז יעדער זעץ און במאליע, וואס ער האט מיר דערלאנגט, געווען באגלייט מיט א אידישער ברכה אויף פּשוט'ן מאמע־לשון. ער האט איבער מיר געארבעט אזוי געשווינד, אז ער האט מיר פּשוט ניט געגעבן קיין געלעגנהייט צו פארטיי־דיקן זיך כאטש מיט א פּאר ווערטער.

איך האב אבער אויך ניט געשוויגן. איך האב נאך די ערשטע עטלעכע בוכ־צעס אויפגעהויבן אזא גוואלד, אז ניט נאר די שכנים פון הויז, נאר אויך פון די ארומיקע הייזער, מיט מיין מיסעס צוזאמען, זיינען זיך צונויפגעלאפן אויף מיין פּיין וואונדער און מען האט מיך קוים ארויסגעראטעוועט פון זיינע הענט.

עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז איך בין ארויפגעפארן מיטן דאם־וועיטער איין שטאק העכער פון מיין ריכטיקער סטאנציע...

דער בעל־דבר איז געווען א געוועזע־נער אלמן, אן עלטערער איד, וועלכער האט ניט לאנג צוריק געהייראט א יונגע גרושה. דער אלטער האט אנגעהויבן פארדעכטיקן, אז עפּעס איז ניט גלאטיק מיט זיין יונג ווייבל... ווייל אימיצער האט אים אונטערגעטראגן, אז בשעת ער איז ניטא אין דער היים, כאפּט זיך אריין עפּעס א פרעמדער וויזיטאר צו זיין יונג ווייבעלע... דעריבער ווען ער האט דערהערט, אז אימיצער פארעט זיך ביי דעם דאם־וועיטער, האט ער גע־מיינט, אז ער האט געפּאקט דעם ריכטיקן „פויגל" — אז איך בין, הייסט דאס, דער פארשוין, וועלכער האט צו טאן מיט זיין ווייבל הינטער זיינע פּלייצעס...

מיט א שטיקל צייט שפּעטער האב איך זיך טאקע דערוואוסט פארוואס דער בעל־דבר האט אזוי געפּאכעט מיט די הענט און „געלייגט קלאפּטער", אזוי צו זאגן... ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז געווען א בעקער, האט ער געמאן דאס וואס אלע בעקערס וואלטן געטאן אונטער די אומשטענדן... ביי א בעקער, פארשטייט איר מיך, רוען זיינע הענט נאר ווען ער שלאפט... ווען ער איז וואכנדיק, מיינט ער, אז הענט האט דער אויבערשטער באשאפן נאר צום קנעטן...

זינט יענער מעשׂה האבן א סך זאכן מיט מיר פּאסירט — קאמישע און טראגי־קאמישע — וועלכע זיינען שוין לאנג פארטונקלט געווארן אין מיין זכרון, נאר אט די פּאסירונג קען איך בשום אופן ניט פארגעסן, ספּעציעל, ווען עס קומט מיר אויס צו מאכן א רייזע אין די הויכע הימל־קראצערס אין א מאדער־נעם „יעלה ויבוא" (עלעווייטאר) און ער גיט זיך ראפּטאם א הויב מיט אזא אימפּעט, אז עס גיבן זיך אזש א טרייבל די קישקעס אין בויך. דאן פארגעס איך פּלוצים וואו איך געפין זיך און עס הויבט זיך מיר אן צו דאכטן, אז איך זיץ אין דאם־וועיטער און מיין מיסעס ציט מיך ארויף, און ניט איינמאל רייסט זיך ביי מיר, ניט ווילנדיק, ארויס א געשריי: הא־הא, סטאפּ!...

„לאכען
איז געזונט"

# "אַ סטראַטעגישע מלחמה"...

ס'איז דאַ אַ שפּריכוואָרט: „ניט אַלע מלחמות ווערן אויסגעפאַכטן אויפן שלאַכטפעלד". דער גאַנצער קונץ פון באַזיגן דעם שונא ליגט, ווייזט אויס אין דער „סטראַטעגיע" פון דעם גענעראַל, וועלכער באַפאַלט איס אונערוואַרטעט און נעמט צו אַלעס מיט שטורם. מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו ביווּאווינען אַזאַ „סטראַטעגישע מלחמה", דווקא ניט אויפן שלאַכט-פעלד, נאָר ביי מיר, אין מיין אייגענעם געשעפט.

דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. איך האָב דאַן געהאַט אַ געשעפט פון מענער הויזן. און כאָטש דאָס איז אַ מסחר וואָס האָט צו טאָן נאָר מיט מענער, פעלן אָבער אויך ניט קיין ווייבער, וועלכע דענקען אַז אויף „סלעקס" זיינען זיי בעסערע מבינים פון זייערע מענער. דערפאַר מוזט איר זיין אַ שטיקל דיפּלאָמאַט: איר דאַרפט אויסכאַפּן „פּסיכאָלאָגיש", מיט וועלכן צד עס לוינט אייך בעסער צו האַלטן. אויב איר באַמערקט, למשל, אַז דער מאַן איז אַ — שלימזל, אַ נאַכשלעפּער און זי איז דווקא אַ איידענע מיט אַן אויערינגל, מוזט איר „סטיקען" צו איר געשמאַק... עס זאָל אייך גאָר ניט אַרן וואָס דער „גרויסער-צעלייגער" שרייט, און אַמפּערט זיך, אַז ער טראָגט די הויזן און ניט זי. עס וועט איס העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. ער וועט מוזן טראָגן דאָס וואָס זי וועט קויפן...

ויהי-היום, יאָ ווען זיך אַריין צו מיר אין סטאָר אַ מיטל-יאָריק פּאָרל, און די פרויקע גיט מיר אַ זאָג: „גיט מיר פאַר מיין מאַן עפּעס אַ שיינע פּאָר סלעקס. איך וויל דאָס איס קויפן אַ פּרעזענט פאַר פאַדערס-דעי".

פון מיין ערשטן בליק אויף דעם פּאָרל, האָב איך באַמערקט אַז קיין האָניק לעקן זיי ניט איינער פון צווייטן, און זיי מוזן ביידע זיין אַ שונא דעם שדכן וועלכער האָט זיי פאַרשלייערט... איך, צייג זיי אַ פּאָר סעמפּלס: זאָגט ער בלוי — וויל זי ברוין. וויל ער מיט קנעפּלער, זאָגט זי — אַ זיפּער. מילא, אַהין אַהער, זי האָט אויסגעפירט אירס... איך וויל איס נעמען די מאָס, לאָזט זי ניט. „איך קען באַשטיין", זאָגט זי, ער זאָל אַריין אין דער „פיטינג-רומיקע". אַנפּיטן די סלעקס אויף זיך, ווייל איך וויל זען ווי אַזוי ער קוקט אויס אין דעם קאָליר!"

בקיצור, ער גייט אריין אַנמעסטן די פלודערן און איך באַמערק, אַז זי נעמט ניט אַרונטער די אויגן פון דער „פיטינג-רומקע", אַט פונקט, ווי זי וואָלט מורא האָבן אַז מ'זאָל איר צאַצקע פון דאָרט ניט אַרויסגנבענען... ער קומט אַרויס, איך שטעל איס אַוועק אויף אַ בענקל ביים שפּיגל, הויב אָן צו צייכענען אויף איס וואָס מ'דאַרף טאָן. בינו-לבינו, באַמערק איך, אַז די יפהפיה איז פּלוצים פאַרשוואונדן געוואָרן, און מיין קאַסטאָמער גיט זיך האַסטיק אַ ריים אַרויס פון מיר, גיט מיט אימפּעט אַ שפּרונג און מער פון בענקל אַז ער האָט מיך ישועה ניט אומגעוואָרפן. ער גיט זיך אַ לאָז גלייך אין „פיטינג-רום", און איך דערהער פון דאָרטן אַ קוויטשערײ, מיט אַזוינע קולות און געוואַלדן, אַז איך בין געבליבן אַ פאַרציטערטער. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געגעבן אַ פּראַל אויף די טיר פון דער רומיקע, און פאַר מיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ סצענע, וואָס אַזוינס האָב איך קיינמאָל

ניט זעלטן אבער אין אידישן טעאטער... צווי שונאים האבן זיך געריסן איבער איין שטיקל „טעריטאריע"...

די טעריטאריע איז באשטאנען פון זיינע אלטע פלודערן, וועלכע זיינען געווען איבערגעריסן אויף צוויי חלקים... ער, דער שטארקערער צד, האט געהאלטן פעסט ווי אן אמת'ער זיגער, דעם אפגעריסע־נעם חלק פון די הויזן, מיט דעם פאקעט. און וועלכן ס'איז געלעגן זיין גאנץ ביסל פארמעגן וואס ער האט פארמאגט. דערביי האט ער געשריגן, ניט מיט זיין קול: „די פאסקודסטווע, גנב'טע וואס די ביסט! די האבט מיר עקסטרא פארנארט אהער כדי די זאלסט מיך דא קענען אויסליידיקן די פאקעטס. א מכה דיר אין די זייטן! דו וועסט ביי מיר פריער איינ־לייגן מיטן קאפ, איידער דו וועסט זיין צושלאגן צו מיינע פאקעטס..." פארשטייט זיך, אז דער באזיגטער צד האט אויך ניט געשוויגן. זי האט אים אויסגע־וואָרפן — אז ער איז א טרעמפ, א שי־כור — א „גוד פאר נאטינג". זי האט אים א שמיץ געטאן די אפגעריסענע שטיק „טעריטאריע" אין פנים אריין און איז ארויסגעלאפן אזוי ווי פון א שרפה.

אין יעדער מלחמה איז אלעמאל דא א נייטראל לאנד וועלכעס פראפיטירט דער־פון. אז איך וועל פראפיטירן פון אט דעם קריג, האב איך באלד פארשטאנען, ווי איך האב נאר דערזען די צעריסענע שטיק „טעריטאריע"... איך האב גע־וואוסט: אז כאטש ער איז ארויס דער זיגער, וועט ער ביי מיר מוזן קויפן א פאר תחתונים. אניט, וועט ער ניט קע־נען קומען אהיים צוריק פון דעם שלאכט־פעלד... בקיצור, איך האב אים פאר־קויפט, מיט מזל, א פאר הויזן בישעה מיטנאנד האט ער פאר מיר אויסגעליידיקט זיין גאנצן בינטל צרות, וואס פאר א שלאק זי איז, און וויפיל געלט מ'גיט איר איז ניט גענוג. און די גרעסטע קראנקהייט אירע, איז צו קריכן אין זיי־נע פאקעטס...

אין א שטיקל צייט ארום, באגעגן איך צופעליק די זעלבע פרויקע, און פרעג זי גאנץ פשוט: „וואס איז דער שכל וואס איר האט גראד אויסגעקליבן ביי מיר אין סטאר־ה, יכן צו אייער מאנ'ס פאקעטס? איר האט דאך דאס געקענט טאן ביי זיך אינדערהיים". אייך, זאגט זי, איז גרינג צו זאגן אינדערהיים — איר ווייסט דען וואס פאר א באנדיט דאס איז? שוין באלד צוואנציק יאר נאך אונזער חופה און איך קען זיך ניט צושלאגן צו זיינע פאקעטס כאטש גיט אים א קרענק... אדער, זאגט זי, ער האלט זיינע הויזן אונטערן מא־טראץ אדער צוקאפנס, און אז ער כאפט זיך ארונטער פאר א עטלעכע מינוט, נעמט ער מיט זיינע הויזן, פונקט, אזוי ווי ס'וואלטן זיך ארומגעדרייט דא „גנבים" אין הויז...

וואס זאל איך אייך מאריך זיין? ס'איז אוועק א שטיק צייט. איך האב זיך שוין כמעט ווי פארגעסן אין דער גאנצער מעשה. איינמאל, גייענדיק אין גאס, האב איך זיך נאכאמאל אנגעשטויסן אויף דער זעלבער אידענע. נו, מיסעס, פרעג איך זי, אין צערעמאניעס: וואס הערט זיך עפעס מיט אייער מאנס הויזן? ער האלט זיי נאך אלץ אונטערן מאטראץ? ניין! ענטפערט זי מיר: איצט האלט ער זיי דווקא פון אויבן אויף. אזוי? ווי באלד אזוי, זאג איך, איז דאך אייך גוט ווי דער וועלט. איצט האט איר דאך א פרייען דורכגאנג צום „סועיד־לאנד"... איך מיין צו זיינע קעשענעס...



„א פינסטערן יאָר, זאָגט זי, אויף איב מיט נאַספערן צוזאַמען. ער זאָל דאָס האָבן אויף די ביינער וואָס איך קען איצט האָבן פון זיינע פּאַקעטס... איר ווייסט דען, וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן אָט דער באַנדיט? פון זינט יענער מעשׂה, ביי איך אין סטאָר, אָרדערט ער דאָך איצט אַלע זיינע הויזן, געמאַכט, אינגאַנצן אַז פּאַקעטס... נו, זאָגט זי, פרעג איך אייך? איז אַזאַ מאַן ניט ווערט ער זאָל איינ־נעמען אַ מיתה־משונה״...

# מיינע שטילע אַפּאַרט־מענטס

היינטיקע צייטן, ווען צו קריגן אַ לייטישן אַפּאַרטמענט קומט אָן מיט גרינגע ווערים, און מען קען דעריבער זיך ניט פאַרגינען צו־אָפּט צו מופן, דערמאָן איך זיך אין די אַמאָליקע אַפּאַרטמענטס, אין וועלכע עס איז אונז געווען באַשערט צו וואוינען. איך האָב ניט אַזוי פיל האָר אויפן קאָפּ וויפיל אַפּאַרטמענטס מיר האָבן געהאַט. מיין אידענע, זאָל מיר מאריך ימים זיין, האָט פון אַלע יאָרן געהאַט אַ שוואַכקייט צו „מופן״.

ריענט האָבן מיר געצאָלט אפשר אַ פינף־זעקס מאָנאַטן אין יאָר. דאָס איבעריקע האָבן מיר געוואוינט אויף „טראַמבע״, אָדער ווי מען רופט דאָס דאָ אין אַמעריקע „אויף קאָנסעשאָן״.

עס זיינען געווען צייטן, ווען ביים אריינמופען אין אַן אַפּאַרטמענט, האָט זי אַ סך זאַכן אפילו ניט געלאָזן אויספּאַקן, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט זיך דאָ לאַנג ניט האַלטן... וואָס דאַרפט איר מער? זי איז שוין געווען אַזוי אויסגעבונדן מיט די עקספּרעסלייט, אַז זיי פלעגן אונז אָפטמאָל אָפּשטעלן אין גאַס און דערמאָנען, אַז ס'איז שוין צייט מיר זאָלן טראַכטן פון מופן... עס איז ביי אונז געווען ווי אין פּסוק שטייט: „ויסעו ויחנו״, בשעת די איהן זיינען אַרויס פון מצרים.

איך ווייס ניט צי איר וועט מיר גלויבן: עס האָט שוין אפילו איינמאָל געטראָפן, אַז מופנדיק אין אַ נייעם אַפּאַרטמענט, בשעת מיר זיינען ביידע געזעסן זיים ביי זיים מיט אונזער עקספּרעסמאַן, האָט זי באַמערקט אַ סיין „רומס טו לעט״. — „אַ, האָט זי אַ זאָג געטאָן, אָט דאָ וואָלט פאַר אונז געווען ווי געוואונטשן. איך בין אַ בעלן פאַר טשיקאַוועס אריינצוכאַפּן זיך, אַ קוק טאָן וואָס פאַראַ רומס דאָס זיינען״. זי האָט מיך געלאָזן מיטן עקספּרעסמאַן וואַרטן און אַליין האָט זי זיך אריינגעכאַפּט אין די רומס, און ס'האָט ניט געדויערט לאַנג, איז זי אַרויס אַ צעשטראַלטע און מיר אָפּגעגעבן מזל־טוב, אָנזאָגנדיק מיר די בשורה, אַז דער לענדלאָרד קערט איר אום דאָס פינפּערל, וואָס זי האָט געגעבן יענעם לענדלאָרד. דערצו גיט ער איר אַ מאָנאַט „קאָנסעשאָן״ און ער באַצאָלט אונזער ערשטן גאַז און עלעקטריק ביל.

— נו — פרעגט זי מיר — איז דאָס ניט קיין באַרגעין?

מיר האָבן זיך אָבער אין די רומס אויך לאַנג ניט געהאַלטן. דערפאַר האָבן מיר אָבער פון דאָרט אריינגעמופט, אין אַן אַפּאַרטמענט, פון וועלכן מיר האָבן געהאַט מער נחת ווי פון אַלע אונזערע

פריערדיקע אפארטמענטס צוזאמען. אונ־
זער נייער אפארטמענט האט זיך גע־
פונען הארט ביים עלעוויטאר סטיישאן.
א חוץ דעם וואס דארט פלעגן זיך
צוזאמענקומען צוויי ליניעס פלעגט זיך
נאך די באן פארקירעווען אויף אן אנ־
דער גאס כמעט פארביי אונזערע פענצ־
טער, ד.ה. די רעלסן זיינען געווען אויס־
געבויגן אין דער פארמע פון א האלבער
לבנה, אזוי, אז ביים פארדרייען זיך,
פלעגט יעדער וואגאן געבן אזא קוויטש,
אז מ'האט פשוט געקענט טויב ווערן.
צוליב דעם טאקע האט אונזער אפארט־
מענט געהאט די „מעלה", וואס ער
פלעגט זיך טרייסלען טאג און נאכט, און
דאס איז געווען ווי א סגולה צום שלא־
פען... מיין פלונית'טע האט אפילו אויף
א קונציגן אופן פון אט דער טרייסלע־
ניש ארויסגעקראגן היימיש־געמאכטע
פוטער פון דער מילך, וואס זי פלעגט
אוועקשטעלן...

א סך וויצן זיינען געשאפן געווארן
וועגן מענטשן, וועלכע האבן זיך אזוי
צוגעוואוינט צום גערויש פון דעם עלע־
וויטאר, אז זיי האבן זיך שוין בשום
אופן אן אים ניט געקאנט באגיין. ביי
אונז איז דאס אבער ניט געווען קיין וויץ,
נאר א ווירקלעכקייט. א סימן האט איר,
אז ווען מען האט ארונטערגעריסן דעם
עלעוויטאר, האט זיך אויסגעלאזט, אז
די גאנצע טעאריע, וואס מען זאגט, אז
שטילקייט איז א סגולה צום שלאפן,
איז שקר וכזב. ווארים מיין ווייבל האט
זיך אזוי צוגעוואוינט צום טומל, אז
אן דעם האט זי געליטן פון שלאפלאזע
נעכט, און מיר האבן געמוזט מופן אין
א געגנט, וואו עס זיינען נאך געלאפן
עלעוויטאר טרעינס. נאכמער, עס האבן
מיין ווייב געפעלט די געבויגענע רעלסן
וואו די טרעין פלעגט זיך פארקירעווען
מיט א קוויטש...

— אט דער קוויטש — האט זי גע־
טענה'ט — פלעגט איר מאכן פארוויגן
ווי א גוטער סימפאניישער ארקעסטער
וואלט פאר איר געשפילט די שענסטע
מוזיק...

וואס קומט אבער ארויס? די שטאט
האט אנגעהויבן צו שפילן מיט אונז צו־
להכעיס. ווי נאר מיר האבן זיך איינ־
געשטעלט אין אזא „עלעוועיטעד אפארט־
מענט", האט מען דעם עלעוויטעד
גלייך אראפגעריסן. און מיין אידענע
האט נעבעך דערפון געהאט אזוי פיל
„גריזאטע", אז עס האט פשוט געריסן
ביים הארצן. דער אויבערשטער פאר־
לאזט אבער ניט. ס'איז נאך געבליבן
אין שטאט איין עלעוויטעד, אין די
בראנקס, וואו דערווייל טשעפעט מען
אים ניט. זיינען מיר אריבער אהין און
מיר וואוינען דארט ביזן היינטיקן טאג.

אונזער היינטיקער אפארטמענט האט
נאך מער מעלות פון אונזערע פריערדיקע.
ווייל חוץ דעם וואס דא פארדרייען זיך
די טרעינס אויך ביי אונזערע פענצטער,
שטעלן זיך נאך אפ די עקספרעס־טרעינס
פונקט ביי אונזער אפארטמענט. דאס
גיט א געלעגנהייט מיין אידענע ווען זי
עפנט א פענצטער, זיך דורכצושמועסן
מיט א פאר ווייבער, וועלכע זיצן אין
טרעין. ווייל די פענצטער פון דעם וואגאן
גלייכן זיך אויס מיט אונזערע.

אט אזוי ווי איר זעט, לעבן מיר זיך
דא א גאנץ שטילן און רואיקן לעבן, און
אמאל, אז עס קומט פאר צווישן אונז
עפעס א „הייסער" איבעררייד דארף
מען זיך מאכן אריינשרייען איינער דעם
אנדערן אין אויער אריין. איז חוץ דעם
וואס דער עלעוויטעד איז ביינאכט א
סגולה צום שלאפן, איז ער בייטאג א
סגולה צום שלום־בית אויך. ווארים עס
פאסירט ניט איינמאל, אז איר גיט עפעס
א זאג אייער פלונית'טע און איר כאפט



זיך גליך, אַז איר האָט דאָס ניט באַדאַרפט זאָגן; ס׳איז שוין אָבער צו שפּעט צו כאַפּן צוריק. אַנדעריש איז אָבער, ווען די טרעינס טומלען ביז טויב צו ווערן. איר זאָגט אָפּ וואָס אייך איז געווען אָנגעזאַלצן אויפן האַרצן און איר האָט אַוועקגעלייגט צווי האָזן מיט איין מאָל: אי איר האָט געזאָגט, וואָס איר האָט שוין לאַנג געוואָלט זאָגן, אי אייער ווייב האָט דאָס סיי ווי ניט געהערט, ווייל אייערע ווערטער זיינען פאַרטרונקען געוואָרען אין דעם גערויש פון די אָנגעקומענע טרעינס. און אין האַרצן בענטשט איר די קאָמפּאַני און די קאָנ־

דוקטאָרס, מיטן מאָטאָרמאַן, וואָס זיינען אָנגעקומען פּונקט אין צייט און האָבן אַפּגעראַטעוועט די גאַנצע סיטואַציע.

איין זאַך שרעקט אונז נאָר: עס טראָגן זיך אַרום קלאַנגען, אַז אונזערע שטאָטטאַטעס קלייבן זיך אַרונטערצורייסן דעם לעצטן עלעווייטער. עס אַרט זיי, אַפּנים, טאָמער לעבן מענטשן בשלום און שלאָפן איבער אַ נאַכט שטיל און רואיק. גייט שוין טאַקע מיינע אַרום פאַרזאָרגט. ווי זאָגט דאָס פאָלקס־ווערטל: „מ׳וואָלט געקאָנט לעבן רואיק, נאָר מ׳לאָזט נים״...



# „געדאַווענט פון איין מחזור״ . . .

ווען עמיצער וואָלט מיר געוועזן זאָגן, אַז מיר וועט אַמאָל אויסקומען צו דאַווענען אין אַ האַלב רעפאָרמירטן טעמפּל, וואָלט איך יענעם געוועזן אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. אין לעבן קען אַלץ טרעפן. צוליב אַ געוויסן צופאַל איז מיר אויסגעקומען צו וואוינען אַ קורצע צייט אין אַ נייגעגרינדעטער קאָמיוניטי. די איינוואוינער פון יענעם שטעטל זיינען באַשטאַנען מערסטענס פון דעם יונגערן דור. איך בין דאָרטן געווען כמעט דער איינציקער איד וועלכן מען האָט שוין געקענט אַריינרעכענען אין דער קאַטעגאָריע פון די „סאָשעל סעקיוריטי״, אַזוי צו זאָגן.

אין טעמפּל איז דאָרט אַלעס צוגעגאַנגען אויפן רעפאָרמירטן שטייגער. הגם, ביים דאַווענען האָט מען געטראָגן יאַרמולקעס. די תפילות זיינען דאָרטן געווען איינגעטיילט, ווען מען זאָגן, אויף „פיפטי פיפטי״ באַזיס, ד.ה. האַלב אין ענגליש און האַלב אין לשון קודש. דער רבש״ע האָ אָבער ביי מיר צום עסק ניט דערלייגט. ווייל, ווען דער חזן אָדער דער ראַבאַי פלעגט דורך אַ לאָודספּיקער אַרויפשיסן צום הימל אַ תפילה אין ענגליש, ווי למשל אָה פאָדהער אור קינג״ האָב איך אין דער זעלבער צייט נאָכגעזאָגט פון מיין גרויסן אַלטמאָדישן מחזור „אבינו מלכנו״, איז שוין אויסגעקומען אַזוי, אַז דער רבש״ע האָט אַריינגעקראָגן פון מיר די זעלבע תפילה אויףביידע שפּראַכן צוזאַמען.

עס האָבן זיך איינגעקריכט אין מיין זכרון עטלעכע קאָמישע עפּיזאָדן וואָס האָבן געטראָפן מיט מיר אין יענעם טעמפּל און מערקווירדיק, יעדער עפּיזאָד באַזונדער האָט געהאַט צו טאָן מיטן זעלבן איד וועלכער איז געזעסן מיט מיר אין שכנות אין דעם אָנגעגעבענעם טעמפּל. דער ערשטן טאָג ראש השנה, בעת דער איד האָט אַריינגעקוקט אין מיין אַלטמאָדישן גרויסן מחזור.

— שוין ביי דער ערשטער תפילה האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן אַזוי, כלאחר יד, אַז

איך קום אים אויס א ביסעלע באקאנט. ער וואלט שווערן אז ער האט זיך מיט מיר ערגעץ געטראפן, נאר ער געדענקט ניט וואו. איך בין אבער געווען צופיל אריינגעטאן אין מיינע תפילות און כ׳האב זיך געמאכט כמעט ניט ווִסנדיק וועגן דעם. מאלע וואס איינעם דאכט זיך אויס!

איך האב איז יענע יארן געהאלטן א „קלאדינג סטאר" א קליידער געשעפט) אין דעם סאמע הארץ פון בראנזוויל וואס איז דאן געווען באוואוסט אויסשליסלעך פאר א אידישן ישוב. מיין ביזנעס איז דאן געגאנגען זייער גוט. קונים האב איך געהאט לרוב. מען פלעגט קומען צו מיר קויפן מלבושים אפילו פון די ארומיקע קליינע שטעטלאך ארום ניו יארק.

פארשטייט זיך אז א סך קאסטאמערס האבן מיר מער ווי איך האט זיי געקענט. ווי עס האט זיך נאכהער ארויסגעצייגט איז אט דער איד אויך געווען מיינער א קאסטאמער. נאר ביז נאך קריאת התורה האט ער זיך ווייזט אויס ניט געקענט דערמאנען וויר כ׳בין. נאר אז ס׳איז געקומען צו מוסף האט ער זיך מסתמא געכאפט ווער כ׳בין, האט ער ניט געהאט קיין געדולד צו ווארטן ביז נאך דער תפילה וואס מען האט געהאלטן אינמיטן האט ער אריינקוקנדיק אין מיין גרויסן מחזור שאקלנדיק און שלאגנדיק זיך אין הארצן ביי על חטא, האט ער צווישן איין על חטא און דעם צווייטן מיר געלאזט ווִסן: „פעטער, איך האב אייך דערקענט ווער איר זענט! אי מיסטער, האט ער מיר א זאג געטאן צווישן די ציין, האט איר מיר „פארשלייערט" מיט א סוטל, איז דאס געווען א שמאטע, שוין איינמאל א צאצקע... און ביז דער עולם מיטן חזן זיינען פארטיק געווארן מיטן לעצטן „על חטא שחטאנו לפניך", האט ער מיר אפגעגעבן מיין פסק וואס מיר איז געקומען. האט אויסגעגליייט פאר מיר אלע טענות —

אז די סחורה האט געטויגט אויף כפרות. דער רעקל איז געהאנגען ווי א זעקל און די הויזן האט ער שוין לאנג ארויסגעווארפן ווייל זיי זיינען געהאנגען אויף אים ווי צוויי טארבעס.

ביז יענעם ראש השנה האב איך איז מיין לאנגער „ביזנעס קאריערע" אריינגעקראגן פון מיינע קונים פלענטי „קאמפלעינס", נאר א „קאמפלעינט" פון א קאסטאמער איז א טעמפל בשעת ער שלאגט זיך על חטא פארן רבש״ע, דאס איז געווען דאס ערשטע מאל אין מין לעבן...

נאר כאפט ניט, איר זענט נאך ניט פארטיק. דער צווייטער עפיזאד מיט דעם זעלבן אידן האט זיך אפגעשפילט דעם אנדערן טאג ראש השנה. דאס מאל איז ער געקומען איז טעמפל ניט אליין, נאר מיט זיינעם א קליינעם „בויטשיקל" (אינגעלע) פון א יאר צען־עלף. שוין באלד ביי זיין אריינקומען ווען ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבן מיר מיטן בחורל און האט ארויסגענומען זיין קליין טל־ומטר׳דיג מחזורל וואס האט אויסגעקוקט ווי א קארליקל קעגן מיינעם, האט ער, פארגעסנדיק אין אלע זיינע נעכטיקע קביוורדעם, געמאכט א באמערקונג, וואנדערנדיק זיך צו מיר: „אט דאס הייסט א מחזור! מיט אזא סאיז מחזור דארף מען שוין זיך ניט זארגן וועגן א גוטן קוויטל פארן נייעם יאר!"...

— ווי באלד אזוי, — זאג איך אים, — טא נאט אייך מיין מחזור און „ווזט" אים געזונטערהייט. נאר אלעמען זענט איר דאך פארט איז צווייען. איך וועל שוין זאג אייך אים ווי עס איז אויסגלייכן מיינע חשבונות מיטן רבש״ע פון אייער קליינעם מחזור׳ן"...

וואס טויג אייך חכמות, דער איד האט זיך צוגעכאפט צו מיין גרויסן מחזור ווי צו א געפונענעם אוצר. איך באמע־

אָבער ווי דאָס קליין יאַטל כאַפּט זיך ארויס אינדרויסן, פאַרזאַמט זיך גאָר א קורצע צייט, קומט צוריק און שושקעט דעם טאַטן עפּעס אין אויער אריין. די געשיכטע האָט זיך אַזוי איבערגע'חזר'ט עטלעכע מאָל, יעדע פופצן-צוואַנציק מינוט אריין און ארויס, כמעט ביים גאַנצן דאַווענען. ביז די מעשה איז מיר געוואָרן אַפּיסעלע פאַרדעכטיקט. בפרט נאָך, אַז איך האָב אויפגעכאַפּט עפּעס אַזוינע מאָדנע ענגלישע ווערטער וואָס איך האָב בשום אופן ניט געקענט צעקייען...

מיין גרעסטע איבעראַשונג האָב איך אָבער געהאַט קומענדיק אַהיים. איז פון מיין מחזור ארויסגעפאַלן א צונויפגעלייגטער בויגן פּאַפּיר, פול מיט אַזוינע מאָדנע צייכנס, פאַסיקלעך, דריידלעך, צוזאַמענגערעכנטע חשבונות מיט אָנגעשריבענע שורות. איך האָב געדרייט דעם פּאַפּיר אויף אַלע זייטן, אריינגעקוקט אין דעם ווי א האָן אין בני אדם און ניט געקענט דערפון ארויסקריכן.

ארויסגעצאַטשעט פון מיין פאַרלעגנהייט האָט מיר מיינט אַן אייניקל וועלכער איז א גרויסער מומחה אין „בעיס-באָל" אַזוי ווי א איד אין אַשרי. ווען ער האָט א קוק געטאָן אויפ'ן פּעיפּער, האָט ער א געשריי געטאָן ניט מיט זיין קול: „העי גרענדפּאַ, סינס ווען דיד יו בעקאַם עי יענקי פען? ! יו גאַט היר די האָל סקאָר און ההי בעיס-באָל געים!..."
ער האָט פאַר מיר איבערגעלייענט אַזעלכע האַרבע ווערטער ווי פּלעי-אָף, פּענענט, אינינג, האָום ראָן א.אַז.וו. ער האָט מיר פאַרטייטשט יעדן פסוק באַזונדער, האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין דעם חילוק צווישן די יענקיס, דאָדזשערס, דזשאַיענטס און רעד-סאָקס... יעצט האָב איך זיך ערשט געכאַפּט פאַרוואָס דער קליינער חברהמאַן איז געלאָפן אינמיטן דאַוונען הין און צוריק ווי א פאַר'סמ'ט מייזל. דאָס איז ער מסתמא געלאָפן אויסגעפינען אויף דער ראַדיאָ ווען די יענקים מיט די דאָדזשערס האָבן איבערגעגעבן דעם טאַטן א רעפּאָרט ווי עס האַלט מיט דער געים...

[redacted]

# "ל"א מיט אַן אַלף"...

איך בּאַלאַנג צו א סאָסייעטי שוין היפּשע עטלעכע יאָר. א סאָסייעטי ווי אַלע סאָסייעטיס, מיט רעדעס, פּאָינט אָוו אָרדערס, קאָלעקשאַנס, מיט א ליידיס אוקזילערי.

וואָלט אַלעס, דאַכט זיך, געדאַרפט זיין גוט און וואויל. האָב איך אָבער דאָרטן פון איין ברודער אַזוי פיל „גריזאַטע", אַז דאָס גאַנצע ביסל פאַרגעניגן פאַלט מיר אויס באַקאַם. אַזוי איז ער גראָדע א ברודער ווי אַלע ברידער, דער חסרון איז נאָר וואָס ער לאָזט אייך קיינמאָל ניט צו צום פסוק. איר ווייסט דאָך, אַז אין אוקזילערי קומען פאָר פאַרשידענע אונטערנעמונגען. מען ציט-ראַפעלס, מ'מאַכט אַקשענס, מען אַראַנזשירט שמחה'לעך לכבוד מוטערס-טאָג, פאָטערס-טאָג; -הנוכה בענעפיטס מען ליכטלעך; פורים קלייבט מען אויס אַן אסתר המלכה. אט די אַלע כיבודים כאַפּט ער ביי אייך ארויס מכּ'ש פון אונטער דער נאָז... ווען ער שעמט זיך ניט פאַר די ברידער, וואָלט ער אפילו צוגענומען פאַר זיך די קרוין פון אסתר המלכה אויך.

לעצטנס האָט די אוקזילערי געפּראַוועט א שמחה'לע און די שוועסטער האָבן באַשלאָסן, אַז יעדע פון זייער גרופּע

זאָל אַריינברענגען פיש. נו, מילא, דעם טעם פון די פיש און יויכל פיש זיי האָבן געבראַכט איז דאָך ניט שייך צו דערציילן. פאַרלאָזט זיך אויף אונזערע שוועסטער. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ שמחה איז דאָך ניט קיין פראַגע פון כתב עסן אַ שטיקל פיש, ווי ביי זיך אין דער היים. ביי אַזאַ אונטערנעמונג קען איך גראָדע אויסקומען צו עסן אַ שטיקל געקאָכטע פיש, ווען אייער ווייב האָט דווקא געמאַכט געפילטע פיש, אָדער פאַרקערט: איך קען גאָר ליב האָבן דעם קאָפּ פון אַ פיש מיט אַ ביסל „דריליע" און מ'זאָל איך דווקא מכבד זיין מיט אַ טרוקענעם „עק"... ס'איז ווי אין פרק שטיין: שלי שלך ושלך שלי, איך עס דיין פיש, דו עסט מיין פיש. די פיש ווערן אַזוי אויסגעמישט, אַז איך קען ניט אונטערשיידן אייערע פון אַ צווייטנס...

בקיצור, דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט ביי די טישן און די שוועסטער האָבן אָנגעהויבן דערלאַנגען „סחורה". און איידער וואָס־ווען האָט זיך אָט דער אַוועקגעשטעלט, ווי זיין שטייגער איז, און געהאַלטן אַ רעדע:

„שוועסטער און ברידער, כאַפּט ניט! די פיש וועט פון אייך ניט אַנטלויפן! איך ווייס, זאָגט ער, אַז אונזער פרעזידענטין פון דער אַקזילערי האָט אַ מאַנדאַט ניט נאָר צו האַלטן שיינע רעדעס, נאָר זי איז אויך אַ קינסטלערין צו מאַכן אַ גוט שטיקל פיש — און ער הייבט אויף אַ טעלער פיש אין דער לופטן און זאָגט — אָט דאָ, חשוב'ער עולם, האָב איך אַ שטיק פיש וואָס אונזער פרעזידענטין האָט אַליין געמאַכט. איך גיב די ערשטע דריי דאָלאַר, ווער גיט מער?"

עס איז געוואָרן אַ דינגעניש פאַר'ן טעלער פיש, אַזוי ווי, להבדיל, שמחת תורה צו „אתה הראת"! און דער ברודער האָט אַ לאַנג געאַרבעט מיטשים ביז דער טעלער פיש איז געבליבן זיינער...

עס גייט ניט אַוועק קיין צען מינוט, דער עולם האָט נאָך ניט באַוויזן אַרונטערצושלינגען דעם ערשטן ביסן, ערשט אַהאַ, דער ברודער האָט שוין ווידער עפּעס צו זאָגן:

— שוועסטער און ברידער — הייבט ער אָן צו פילאָזאָפירן — ווי אייך איז באַוואוסט איז אַ פיש אַזאַ מין באַשעפעניש, וואָס חוץ אַ קאָפּ מיט אַ בויך פאַרמאָגט דאָס נאָך אַן עק אויך . . . אַלזאָ, דאָ האָב איך דעם „עק" פון'ם זעלבן פיש, וועלכער אונזער חשוב'ע פרעזידענטין האָט געקאָכט, איך גיב צוויי דאָלאַר פאַרן ווידל. ווער גיט מער?

עה, טראַכט איך ביי זיך, אַז דו ביסט שוין יאָ אַזאַ דבר אחר, וועסטו שוין ביי מיר דעם „עק" נישט עסן... וואָס טויג אייך חכמות, דער „עק" האָט מיר אָפּגעקאָסט אַ מאַיאָנטעק, איך האָב אָבער אויסגעפירט מיינס און האָב די מציאה ביי אים אויסגעדונגען...

איז דאָך דאַכט זיך גוט, האַ? טאָ כאַפּט זיצע ניט. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן „עק" האָט אָט דער ברודער מיט נאָך אַ פּאָר פון זיין חברה מיר אָנגעהויבן „נעמען די לעבער", אַז ס'איז אַ סברה, אַז דער „עק" פאַר וועלכן איך האָב אַזוי איינגעלייגט וועלטען, שטאַמט גאָר פון אַן אַנדער „יחוס". ערשטנס, זאָגן זיי, האָט גאָר די פרעזידענטין אינגאַנצן קיין פיש ניט געבראַכט; צווייטנס, אויב זי האָט יאָ געבראַכט איז דאָס גאָר געווען געפילטע פיש; און דריטנס, אויב עס איז אפילו יאָ געווען אַן „עק" אַז עס מיינען זיך אויס, קיין עין הרע, אַזוי פיל „עקן", שטייט דען אָנגעשריבן אויפן „עק" ווער ס'האָט אים געקאָכט?...

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ אַ קלייניקייט אַנטקעגן דעם שפּיצל וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן ביים לעצטן מיטינג.

אַנומלט האָט מען ביי אונז געמאַכט אַ זאַמלונג פאַר אַ געוויסן צוועק וואָס

האט זיך געפאדערט א גאנץ נישקיטה'־דיקע מתנה. דערווייל מאכט זיך, אז ביי איינעם פון אונזערע ברידער האט זיין פרוי דורכגעמאכט אן אפעראציע און אַליין איז ב"ה אריבער בשלום. האט דער ברודער צוגעטראגן א סומע פונקט וויפל איר נאָמען האט באטראָפן פאר שטייט זיך, אַז אַזאַ ביישטייער האט דער עולם אויפגענומען בכבוד גדול. טראכט איך ביי זיך, ווי באלד אזוי קען איך דאך אויך טאָן די זעלבע חכמה, ווייל, ערשטנס, האט מיר דער מזל צוגעשפילט און מיינע, זאָל מיר מאריך ימים זיין, האט א קורצן נאָמען, לאה הייסט זי, און לאה, ווייסט איר דאך, באטרעפט (בגמטריה) צוויי מאָל ח"י. און צווייטנס איז פונקט געוואָרן זעקס און דרייסיק יאָר נאָך אונזער חתונה. פאלט דאס אויס על פי חשבון א דאָלאר א יאָר. איז דאך דאס א מציאה פאר א גנב...

אַלזאָ, איך מאך דעם "פלעדזש" און איך בין שוין גרייט אפצו'סילוק'ן די פאר דאָלאר. ערשט דער ברודער שטעלט זיך אויף — ער וויל האבן א וואָרט אין דער פראגע. איך מיין איבעריקן עולם שטעלן אָן מויל און אויערן. וואס א שטיגער האט ער דא וואס צו זאָגן? אַז דאס איז דאך קלאָר ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז מיין ווייב הייסט לאה און לאה באטרעפט זעקס און דרייסיק.

און ווידעראַמאָל, ווי זיין שטייגער איז: שוועסטער און ברידער! אונזער ברודער שעפטל האט זיך פארפליכטעט צו ביישטייערן די סומע וויפל זיין ווייב'ס נאָמען באטרעפט, דאס איז גאנץ שיין פון זיין זייט און מיר אלע אנערקענען זיין ברייטהאַרציקייט; איך וועל אָבער בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל אננעמען א סומע, וועלכע שטימט ניט לחלוטין מיטן נאָמען וואס ער האט אנגעגעבן. ווייל איך קען, זאָגט ער, באווייזן, מיט פאקטן, איבערצייגן מיט לעבעדיקע עדות, אז ער האט קיינמאָל זיין ווייב נישט געריפן לאה, נאר "לאה'־קעלע"... וואס דאס באטרעפט ניט קיין זעקס און דרייסיק, נאר דריי הונדערט מיט זעקס דאָלאר... וואס טויגן אייך חכמות, אַז איך האב דערהערט אזעלכע דיבורים, האט מיר באשלאָגן א האַלטער שווייס... גיי לייג אויס אינמיטן דערינען אַזאַ אפותיקא...

מיט וואס דאס גייט זיך ענדיקן קען איך אייך נישט זאָגן. מען דאַרף אָט די פראגע איבערנעמען ביי א בפעשל־מיטינג דערווייל האבן זיך שוין געוויזן א פאר גוטע ברידער, וועלכע ווילן מאכן בלומרשט א שטיקל פשרה, ד. ה. עס זאָל זיין נישט "לאה" און נישט "לאה'קעלע", נאר משלם זיין וויפל עס באטרעפט "לאה'ניו"... דאס מיינט, איך זאָל מוחל זיין צולייגן צו די זעקס און דרייסיק דאָלאר נאָך זעקס און זעכציק און אַלץ וועט זיך איבערפרעסן...

איך בין אָבער א איד, וואס לאָזט זיך נישט "שפייען אין דער קאשע". אמת, ער קען טאקע אפשר ברענגען לעבעדיקע עדות. איך האב אָבער א בעסרן עדות, אונזער כתובה, פון הונדערט און צוואנציק יאָר. באטש מיין כתובה איז שוין ־רוב צו א בת־ארבעים, קוקט זי נאָך אויס, קיין עין הרע, פריש און מונטער, ווי א כלה, ערשט פון אונטער דער חופה ארויס... און דאָרט שטייט בפירוש שוואַרץ אויף ווייס: "לאה בת אהרן יעקב שתחיה" און קיינער קען מיר נישט זאָגן קיין דעות, צי איך זאָל זי רופן מיטן כתובה־נאָמען, צי מיט א פארצוי־געגעבן נאָמען. און אז זיי ווילן דווקא מיך פארדרייען א קאָפּ און צולייגן צום נאָמען א "צוטשעפעניש", קען איך זיי אָפּטאָן אויף טערקיש און ארונטערנעמען דעם "ה" אינגאנצן... און איר שטויסט זיך דאך שוין מסתמא אָן, אַז ווען מען נעמט אַרונטער פון לאה דעם "ה" בלייבט דאך איבער בלויז א "לא מיט אַן אַלף"...



# אין יענע „גרינע" יארן



אין שאפּ האט מען אים גערופן „סעמקע דער גרינער". מיט דעם דאזיקן נאמען האט מען אים געקרוינט פון דעם ערשטן טאג זינט ער איז אנגעקומען אין שאפּ אלס אן אונטערפּרעסער. עס האט אבער ניט גענומען לאנג און ער האט זיך „ארויפגעארבעט" אויף א צווייטן נאמען: „סעמקע דער צעדרייטער"...

מיט ענגלישע ווערטער האט ער זיך געווארפן פונקט ווי ער וואלט געווען א פאלנער אמעריקאנער. זיין מזל האט איאם אויך צוגעשפּילט מיט א קוואַרטיר, וואו זיין מיסעס (די לענדליידי) האט געבראקט א אידיש געמישט מיט ענגליש און פאר אים איז דאס געווען אן אמת'ער גליק. אמת, מיט א סך ווערטער האט ער געהאט צרות, און ער פלעגט פארביימן די יוצרות: „פּאטייטעס" האבען זיך ביי אים אלעמאל פארפּלאנטערט מיט „טאמייטאס" און א „טשיקן" האט ער פארמישט מיט „קיטשן"...

אין יענע יארן האט מען זיך נאך באנוצט מיט פשוט'ע קויל־אויוועלס אויף צו באהייצן, צו קאכן און צו באקן. אבער יעדעס הויז האט שוין דאן אויך פארמאגט א קליין גאז־אויוועלע (א 2 בוירנער) אין וועלכן די גאז האט זיך געצויגן דורך א גומענער רער (גאז פייפ) וואס ביי אונדז אין דער אלטער היים האט עס געהייסן „קישקע". די מיסעס זיינע האט אים גליך ביי דער ערשטער ענגלישער „לעקציע" געמאכט א באמערקונג, אז אויף אמעריקאנער לשון זאגט מען אויף קישקע „פּאיפּ"... דער נאמען איז איב, ווייזט אויס, מער געפעלן געווארן ווי אנדערע ענגלישע ווערטער, ערשטנס, צוליב זיין קורצקייט. צווייטנס — קלינגט טאקע „פּאיפּ" כמעט שענער ווי קישקע, און דריטנס — קען מען זיך דערמיט ניט פארפּלאנטערן אזוי ווי „קיטשן" מיט „טשיקן". דערפאר אפשר האט זיך דער נאמען לייכט צו אים צוגעקלעפּט, און איינמאל האט דער סעמקע, קריגענדיק זיין ערשטן „רייז", באשלאסן זיך צו לאזן רעכט וואוילגיין און אריינקומענדיק אין רעסטאראנדל, וועלכע האט זיך געפונען איבער'ן וועג פון אונזער שאפּ, האט ער אן צערעמאָניעס אויסגערופן צום קעלנער, ווי א געבוירענער אמעריקאנער: „העי, וועיטער — א פּארציע „קיטשן" מיט אשטיקעל געפילטע „פּאיפּ"...

וואס ער האט געטאן אין שאפּ, איז ביי אים ארויסגעקומען אלעס מיט'ן קאפּ אראפּ און מיט די פיס ארויף. דערפאר האט ער אבער געהאט „גאלדענע פינגער" ביי אלעס, צו וואס ער האט זיך גענומען אויסערן שאפּ.

א הוץ פרעסן פלעגט ער אין די אווענטן און אויך אין די זונטיקס, זיך פארנעמען מיט פעדלעריי, אפילו א שיפסקארטע האט מען ביי אים געקענט קריגן אויף אויסצאלן. ער האט שוין געהאט זיינע אייגענע כללים מיט משוגענע אבערגלויבערישע איינפאלן, וועמען צו געטרויען און וועמען ניט. איך אליין בין געווען אמאל אן עדות פון אט אזא מין פאל: אין א שיינעם זונטיק אינדערפרי האב איך באגעגנט „סעמקען" מיט א שווערן פּאַג „דראיגודס". דאס פעקל האט ער געפירט צו א פאר פאלק וואס האבן געהאט א דעליקאטעסען סטארקע. סעמקע האט מיר געזאגט, אז די סחורה באטרעפט א שיינע פאר טולער אין ער דעריווארט צו מאכן דערביי

א שיינעם פראָפיט. ס'האָט ניט גענומען קיין פופצן מינוט און איך זע ווי סעמקע שפּאַנט צוריק מיט'ן זעלבן פּעקל. וואָס איז געשען? פרעג איך איהם. נעמט ער מיר דערציילן אַזאַ מעשה: בשעת ער איז ארויס אויפ'ן סטייטאָ, וואו עס לויפן צוויי „לאַינס". די איסט־סאַיד און זיבעטע עוועניו טרעין מיט דער וועסטסאַיד אַכטע עוועניו — האָט ער, סעמקע, ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז אויב עס וועט אָנקומען פריער זיין ריכטיקע טרעין, די איסט־סאַיד, הייסט עס, פאַרט ער מאַכן דעם „סעיל"; און טאָמער פאַרקערט, ס'וועט אָנקומען פריער די וועסט־סאַיד, איז אויס מיט'ן „סעיל". איז אויף זיין מזל די וועסט־סאַיד אָנגעקומען פריער, איך זאָג „אויף זיין מזל", ווייל אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך די דעליקאַטעסן סטאָרקע צוגעמאַכט, די באַלעבאַטיש זיינען ארויס „נקי" און סעמקע האָט זיך געראַטעוועט אַ שיינע פּאָר טולער...

איך האָב זיך פון איהם אויך דערוואוסט, אַז ווען ער פלעגט גיין איינקויפן גראָסערים פאַר זיין אידענע, האָט ער זיך באַנוצט מיט זיינעם אָריגינעלן איינפאַל. עס זיינען געווען צוויי גראָסערי־לייט אויף דער זעלבער גאַס. איינער האָט געהייסן מר. רויטמאַן און דער צווייטער מר. גרינבלאַט. גייענדיק צו דער גראָסערי פלעגט ער דאָרטן אַריבערגיין אַז עוועניו וואו עס פלעגט זיך בייטן די ליכט (טראַפיק לאַיט) אויף רויט און גרין. דאָס מזל פון די ביידע גראָסערי־לייט איז געווען אָפּהענגיק אין דעם בייטן פון די „לאַיטס"... אויב ער איז אָנגעקומען צו דער רויטער ליכט פלעגט רויטמאַן ביי איהם לייזן די פאַר סענט... און פאַרקערט, אַז ער פלעגט אָנקומען צו דער גרינער ליכט, פלעגט ער גלייך אָוועקשפּאַנען צו גרינבלאַט'ן איינגעבן זיין אָרדער...

דאָס שענסטע שטיקל אַרבעט האָט ער אָבער אָפּגעטאָן אין צייט פון קריזיס, ביים קראַך פון עטלעכע בענק. ווען יאַרמילאָווסקי'ס באַנק האָט זיך צוגעמאַכט, און מיר אַלע צוזאַמען מיט'ן באַלעבאָס האָבן דאָרט פאַרלוירן אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט; בלויז „סעמקע דער צעדרייטער" האָט נאָך מיט וואָכן צוריק ארויסגעצויגן פון דאָרטן זיינע לעצטע פאַר סענט... ס'האָט גענומען אַ שטיקל צייט און איך האָב דעם סוד פון איהם ארויסגעפּאַמפּעט. ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען, אַז נאָך מיט וואָכן צוריק האָט ער באַמערקט, אַז דער גרויסער זייגער, אינדרויסן, ביי דער באַנק, האָט עפּעס פלוצלונג אָנגעהויבן אונטערפאַנפען... איין טאָג פלעגט ער לויפן צו שנעל און אַ צווייטן טאָג קריכן ווי אַ טשערעפּאַכע, ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט... איך האָב זיך באַלד נעכאַפּט — האָט מיר סעמקע פילאָזאָפיש געגעבן צו פאַרשטיין, — אַז מיט דער באַנק איז עפּעס ניט גלאַטיק, אַז אַ זייגער פון אַזאַ באַנק שטעלט זיך אָפּ פלוצלונג, איז אַ סימן אַז עס קאָכט זיך עפּעס אין טעפּל...

ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, האָט ער צוליב דעם אָפּגעשטעלטן זייגער אַ פּאָר נעכט מיט קיין אויג ניט געקענט צומאַכן... ביז ער האָט באַשלאָסן, איין מאָל פאַר אַלעמאָל, האָט ער זיך לאַנטשטאַים ארויסגעכאַפּט אין באַנק אריין און האָט ארויסגעצויגן פון דאָרטן ביז'ן לעצטן סענט...

נאָך אַט דער פּאַסירונג פלעגט ער, גלעטנדיק זיך דאָס בייכל מיט נחת, זיך רייצן מיט יעדן אַרבעטער באַזונדער: „נו, ווער איז אַ צעדרייטער, איך צי דו?"...



# „אַ סצענע ביים ביטש"...

אַנומעלט זיץ איך מיט מיין חייבעל ביים ביטש אין מיאַמי און מיר באַטראַכטען דעם עולם, וועלכער האַלט דאַ אין איין שפּאַצירען הין און צוריק. איך דאַרף דאָך אייך ניט דערציילען וואָס פאַרא צאַצקעדיגע מלבושים זיי טראָגען דאַ אין מיאַמי, אויפ'ן ביטש. איבערהויפּט וואַרפען זיך דאַ אין די אויגען די מאָדנע העטס, וואָס זיי טראָגען. דאַ איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי מענערשע העטס אדער ווייבערישע. דערפאַר צייכענען זיי זיך אָבער אויס מיט זייער אַנדערשקייט. איר וועט דאַ זעלטען טרעפען אַ פּאָר העטס וואָס זאָלען אויסקוקען ביידע די זעלבע. יעדער העט באַזונדער טראָגט זיך זיין סימן. ס'זיינען דאַ העטס וואָס אויבן זיינען זיי באַזעצט מיט פּאָר שידענע סאָרטען חיות: ווי למשל, אַליגעיטאָרס, קעץ, הינט, מאַנקיס מיט אַנדערע באַשעפענישען. איר קענט דאַ אויך זעהן העטס מיט אַזוינע מאָדנע סימבאָלען וואָס איר קענט אין ערגיץ ניט זעהן. אויף איין העט איז צוגעטשעפּעט אַ קליין קענדעלע ביר. אויף אַ צווייטען אַ פּאָר מעסטעלעך זאַלץ מיט פּעפּער: אויף אַ דריטען באַמבעלט זיך אַן אמת'ער בייגעל. כאַטש נעם און לייג אַריין דאַרט אַ שטיקעל לאַקס און איר האָט אַ פאַרטיגען „סענדוויטש".

חוץ אַט די אַלע צאַצקעדיגע סימבאָלען, קענט איר דאַ זעהן העטס מיט אַזוינע גרויסע „באַטענס" פון פראָנט, וואָס דערמאָנען אייך אין אַ צייט פון די היגע עלעקשאַנס. יעדער „קנאָפּ" איז 2 מאָל מאָל אַזוי די גרויס, ווי די באַרימטע באַטענס, וואָס זיינען געווען באַצייכענט מיט די ווערטער: „אַי־לאַיקאַיק". יעדער באַטן באַזונדער האָט אויף זיך אַזאַ „סלאָגאַן" וואָס אַזוינס קענט איר טאַקע נאָר זעהן אין אַזאַ שטאָט ווי מיאַמי ביטש. אויף איין העט איז אָנגעשריבן מיט קידוש־לבנה'דיגע בוכשטאַבן: „אַי עם נאָט מעריד יעט!" (איך בין נאָך ניט פאַרהייראַט) אויף אַ צווייטען: „קאַם אַפּ ענד סי מי סאַם טאַים" (קום אַמאָל אַרויף צו מיר). אויף אַ דריטען: „לעטס פאָל אין לאַוו האָני". (לאָמיר זיך פאַרליבען מיין זיסער).

עס פעהלען דאַ אויך ניט קיין אידישע „סלאָגאַנס", פון וועלכע איך וועל אייך ברענגען עטליכע מוסטערן: „מיסטער! איך בין נאָך צום האָבען". אויף אַ צווייטען: „אויב איר זענט אַן אַלמן, קענען מיר ריידען ביזנעס". אויף אַ דריטען: „ווי גרויס איז אייער טשעקעל און וויפיל באַטרעפט אייער פּאָליסי?". אויף אַ פערטען: „וויפיל ווייבער האָט איר שוין איבערגעפּעקעלט אויף יענער וועלט?". אויף אַ פינפטען: „קריכט ניט מיט אייערע לאַפּעס וואו מ'דאַרף ניט: איר קענט נאָך קריגן בויך־וועהטאָג".

דאַ, ביים ביטש, איז אויך ניט קיין נאָווינע, צו זעהן אידען מיט יאַרמעלקעס טראָגען ווייבערשע שאָרטס און עלטערע ווייבער מיט שייטלען, זאָלען טראָגען דווקא מענער־הויזען.

אַט באַמערק איך פון דערווייטען, ווי עס זיצט אַ דיקע אידענע, אַנגעטאָן אין אַ פּאָר קורצע הייזקעס, אַרומגעוויקעלט אין אַ מענערישען כאַלאַט. אַ העטקעלע האָט זי אויפ'ן קאָפּ, וואָס ווען ניט דער קוטאַס פון אויבען, וואָלט מען עס געקענט אָננעמען פאַר אַ פשוט'ער יאַרמעלקע. איך גיב אַ שטורכע מיין ווייבעל: „זעה נאָר אַ צורה פון אַ פרוי".

מיין אידענע קוקט אויף מיר, שמייכעלט, און זאָגט מיר: „זי איז אַזוי אַ פרוי, ווי איך בין אַ רביצין. אַ בלינדער, זאָגט זי, קען דאָך זעהן אַז דאָס איז אַ מאַנסביל ניט קיין פרוי". איך לאָז אָבער ניט אָפּ. איך שריי, ס'איז אַ פרוי און מיינע האַלט זיך ביי אירס, אַז ס'איז אַ מאַן. און זי איז גרייט אפילו זיך מיט מיר וועטען.

מיר האָבען זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט ביז איך בין געוואָרען ווייך און נאָכגעגעבען: „ווייסטו גאָר וואָס?" זאָג איך צו מיין ווייב, לאָמיר גיין אַהיים עפּעס עסען און פאַרגעסען אין דעם גאַנצען עסק. פון מיין וועגען, זאָג איך איר, קען דאָס באַ שפּעניש זיין האַלב מאַן און האַלב פרוי; וואָס געהט דאָס מיך אָן?"

„אַ ניין! זאָגט זי מיר, ביז איך וועל זיך ניט איבערצייגען, אַז איך בין גערעכט, געה איך ניט אַוועק פון דאַנען, ווען אַפילו איך זאָל דאָ דאַרפען אָפּזיצען דעם גאַנצען טאָג.

האָב איך מיין ווייב איבערגעלאָזען ביים ביטש און אַליין האָב איך זיך צוגעכאַפּט פאַר אַ ביים. איך קום צוריק, באַגעגענט זי מיך מיט אַ שמחה: „נו, זאָגט זי מיר, ווער ס'איז שעהן, בין איך קלוג? אַנו, קוק זיך נאָר צו, וועסטו זעהן ווער ס'איז גערעכט: „איך צי דיך!"...

איך כאַפּ אַ קוק אויפ'ן „פויגל", וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסען אויפ'ן זעלבען פּלאַץ, נאָר אין אַן אַנדער פּאָזיציע ווי פריהער. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דעם געוועט מיט מיין אידענע האָב איך פאַרלוירען. מיין ווייב איז געווען הונדערט פּראָצענט גערעכט. איך האָב באַמערקט, אַז ביי דעם פאַרשוין זיינען הינטער די אויערען געווען פאַרלעגט אַ פּאָר לאַנגע פּיאות. דער כאַלאַט איז ביי אים געווען אינגאַנצען צעכראַסטעט, און פון אונטער זיין קאַבאַנאַטיטעל, האָבען נאָכגעהאַנגען אַ פּאָר לאַנגע ציצית פון אַ זיידענעם טלית־קטן...

דאָ, אין מיאַמי ביטש נעמט ניט לאַנג זיך צו באַקענען איינער מיט'ן צווייטען. איך בין צו אים צוגעגאַנגען און אַ פרעג געטאָן אַהן צערעמאָניעס: „וואָס איז דער שׂכל וואָס איר זיצט דאָ אַזאַ לאַנגע צייט און איר האַלט אין איין קוקען צום ים. אַזוי ווי איר וואָלט דאָרטען עפּעס פאַרלוירען?" ענטפערט ער מיר אָפענהערציג, מיט אַ טיפען זיפץ:

„אַי מיין ליבער פריינט! איר ווייסט גאָר ניט וואָס פאַרא צרות איך האָב זיך אָנגעמאַכט מיט מיין קומען אַהער קיין פלאָרידע", און ער דערציילט מיר אַ גאַנצע מעשה: ער אַליין איז אַ ראַבאַי פון אַ קליין שטעטעל אין ניו דזשוירזי. ער איז ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געבליבען אַן אַלמן. האָט ער ניט לאַנג צוריק געהייראַט מיט אַן עלטער מיידעל איז ער געקומען מיט דער נייער רביצין אַהער פאַר זייער האַני־מון. איצט פאַרשטעלט ער זיך דאָס געביין, וואָס דער רוח האָט אים געטראָגען אינגאַנצען צו קומען אַהער.

פון דעם ערשטען טאָג, וואָס זיי זיינען געקומען אַהער, האָט זי זיך דאָ באַקאַנט, אין דעם זעלבען האָטעל, וואו זיי שטעהען איין, מיט אַ חברה'מאַן, וועלכער האַלט דאָ אַן, אין דעם האָטעל, גאַנצע 3 דזשאָבס מיטאַמאָל: אינדערפריה גיט ער די געסט לעסאַנס אין שווימען; ביי־טאָג איז ער דער „משגיח" אין קיך און אין אָווענט לערענט ער די ווייבער טאַנצען טשאַ־טשאַ און טוויסט.

כמעט דעם גאַנצען טאָג, זאָגט ער מיר, קרענקט ער מיט איר אָפּ אין ים, ניט איך דאַרטען אירע לעסאַנס אין שווימען. איך זיץ דאָ אין געהאַקטע וואונדען און עס זיך אויף אַ לעבעדיגע... וואָלט איך כאָטש אַליין געמעגט אַריין אין וואַסער, וואָלט איך שוין ווי ס'ניט איז געהאַלטען אַן אויג אויף זיי ביידען. איז אָבער די צרה, וואָס איך טאָר אַפילו ניט צוגעהן נאָהענט צום וואַסער. ערשטענס, צוליב די רומאַטעס אין מיינע פיס; צווייטענס, האַלט איך, אַז ס'איז אַ גרויסע עבירה, ווען מענער מיט ווייבער באָדען זיך צוזאַמען אין איין ים. פאַרשטעהט איר דאָך, מיין ליבער פריינט, זאָגט ער מיר, אַז מען קומט קיין פלאָרידאַ פאַר אַ „האַני־מון" מיט אַ יונגער רביצין און עס מישט זיך אַריין אַזאַ פאַרשוין און הויבט איר אָן צו געבען לעסאַנס אין שווימען און אין טאַנצען, איז שוין אַן אָך און אַ וויי צו אַזאַ „האַני־מון". איידער אַזאַ האַנימון, איז שוין בעסער אינגאַנצען ניט חתונה צו האָבען.

# „אַ שמחה אין שטעטל"

שוין אַ שעהן ביסעל יאָרען זיינען פאַרלאָפען זינט אַט דער געשעהעניש. פונדעסטוועגען איז זי פאַרבליבען פריש אין מיין זכרון, אַזוי ווי ס'וואָלט ערשט נעכטען פּאַסירט.

מיינע אַ פלימעניצע פון אַ קליין שטעטעל אין נױ־דזשוירזי האָט מיך אמאל איינגעלאַדען צו אַ הויז־שמחה. דער אויבערשטער האָט זיי מזכה געווען מיט קיין עין־הרע אַ פּילער שטוב מיט מיידלעך, איינס און איינס. מיט דער פלימעניצע האָב איך זיך דאַ אין אַמעריקע ניט געזעהן פאַר יאָרען לאַנג און באַגעגענט האָבען מיר זיך דאַ כמעט צופעליג. ווען איך בין אַריינגעקומען צו זיי אין הויז, האָב איך דערזעהן פאַר זיך ניט קיין מיידלעך, נאָר אמת'ע כלה־מוידען, קיין עין־הרע, אַזוי ווי די סאָסנעס.

געטראָפען האָב איך אויך דאָרטען אַנדערע קאָזינס מיט קוזינעס, מיט וועלכע איך האָב זיך זעהר זעלטען דאַ געזעהן. ביי מיין אַריינקומען האָט מען מיר אָפּגעגעבען אַזא „ברוך־הבא", אַז איך בין אַזש צעטומעלט געוואָרען. מיין פלימעניצע האָט זיך מיט מיר האַרציג צעקושט און האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ פּאָר צעוואַקסענע מוידען, פאַר וועלכע זי האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס זייער „עלטער פעטער", און פאַרשטעהט זיך, אַז מיט זיי האָב איך זיך אויך צעקושט.

דער גאַנצער עולם איז געווען האָפערדיג, באַרעדעוודיג, אַלע אין אַ פרעהליכער שטימונג. איינער דעם צווייטען האָט אָנגעהויבען אויסצורעכענען די אַנגעהעריגקייט פון אונזער גרויסער פאַרצווייגטער משפחה. אינמיטען דעם טומעל זאָגט מיר מיין פלימעניצע:

„וואַרט, אַנקעל, איר האָט נאָך ניט געזעהן מיינע אַנדערע פּאָר טעכטער. זיי זיינען ביזי אין קיטשען. זיי גרייטען דאָרטען פאַר אייך צו אייערע באַליבטע מאכלים. איר מיינט, זאָגט זי, פעטער, איך האָב פאַרגעסען וואָס פאַר אַ נאַשער איר זענט געווען אין דער היים?"

„דערהערט די „מאכלים" מיט די פּאָר „טעכטער" האָב איך שוין ניט געוואַרט פאַר דער באַלעבאַטטע, און ווי אַ היימישער פעטער זיך גלייך אַריינגעשלייכט אין קיטשען, וואו איך האָב געטראָפען אַ פּאָר פלימעניצעס, פאַרפלאַמטע, פאַרפּאָליעוועטע מיט צעשטראַלטע געזיכטער, בלוט און מילך. אַז זיי האָבען זיך פשוט געבעטען, אַז דער עלטער־פעטער זאָל זיך מיט זיי צעקושען. ווען איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט מיין פלימעניצע'ס די צווייטע אויסגעשאָסען אַזא געלעכטער, אַז איך האָב זי קוין אפילו ניט געקענט קושען. אַלע געסט זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען ווי אויף אַ בייז וואונדער און קוקענדיג אויף דער לאַכענדיגער פּלימעניצע, האָבען איר אַלע געהאָלפען לאַכען... ווייל די פלימעניצע, מיט וועלכער איך האָב זיך צעקושט איז מיר געווען אַזאַ פלימעניצע אַזוי ווי איך בין געווען איר'ס אַ פעטער...

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, האָט דאַן מיין פלימעניצע, לכבוד דער שמחה, אַריינגענומען אין הויז אַ פּויילישע שיקסע אַרויסצוהעלפען איר אַביסעל מיט דער הויז־אַרבעט. און ווי ס'ווייזט אויס, איז איר דאַן באַשערט געווען, דער שיקסע הייסט דאָס, אַריינצוכאַפּען אַ פּאָר אומשולדיגע קושען פון אַ ווילד־פרעמדען מענשען און נאָך אַן עלטערן אידען דערצו.

וואָס ס'האָט זיך נאָכהער אָפּגעטאָן ביי דער שמחה — לאָז איך דאָס איבער צו אייער פאַנטאַזיע. איר פאַרשטעהט דאָך, אַז די גאַנצע שמחה האָט זיך שוין געדרייט אַרום דעם עלטער־פעטער מיט דער פּוילישער שיקסע. ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב געקראָגען אַ צווייטע איינלאַדונג פון מיין פלימעניצע צו אַן אַנדער שמחה. מיט דער איינלאַדונג איז געווען בייגעלעגט אַ שפּאַסיג בריוועלע, וועלכעס האָט זיך געלייענט אומגעפער אַזוי:

„איצט דאַרפט איר ניט מורא האָבען אַז איר וועט מאַכען אַ טעות, ווען איר וועט זיך וועלען קושען מיט מיינע טעכטער. ווייל די פּוילישע דינסט האָבען מיר אָוועקגעשיקט און ס'אַרבעט פאַר אונז איצט אַ שוואַרצע".

 

# LACHT: UNZERE SONIM AUF TZU-"LACH"-ES . . .

(אויף צו להכעיס)

 by 

## SAMUEL R. WEXLER

"LACHT GEZUNTERHEID" . . .










"לאכען איז געזונט"

"אידען לאמיר לאכען"



